# יידיש אין אונדזער לעבן




ISBN:0-657-11903-2

ארויסגעגעבן פון
בילדונגס־אָפּטיילונג פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק, 1950

# ייִדיש
# אין
# אונדזער
# לעבן



אַרויסגעגעבן פון
בילדונגס־אָפּטיילונג פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק, 1950

# פאַרוואָרט

אויף דעם 16טן צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער־רינג־שולן, וועלכער איז פאָרגעקומען אין עזבערי־פּאַרק דעם 21סטן, 22סטן און 23סטן אַפּריל 1950, זיינען געהאַלטן געוואָרן דריי זייער וויכטיקע רעפעראַטן, וואָס האָבן אַרויסגערופן גרויס אינטערעס סיי ביי די דעלעגאַטן און געסט, סיי אין דעם יידישן עפנטלעכן קולטור־לעבן.

קיין מאָל ווי ביז איצט איז נאָך אַזוי שאַרף ניט געשטאַנען די פראַגע וועגן ווייטערדיקן זיין פון דער מאָדערנער יידישער קולטור.

אין פאַרלויף פון דעם לעצטן יאָרהונדערט האָבן יידיש לשון, יידישע ליטעראַטור און די מאָדערנע יידישע קולטור זיך דערוואָרבן אַ בכבודיקן אָרט אין אונדזער לעבן. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער גאַנג פון דער מאָדערנער קולטור אין יידיש געווען אַ באַרג־אַרויפיקער. די יידישע שפּראַך איז געוואָרן אַ קולטור־שפּראַך באַגלייך מיט אַלע מאָדערנע שפּראַכן. די יידישע ליטעראַטור איז רייך געוואָרן און זיך פאַרצווייגט. די ווערק פון די מאָדערנע יידישע שרייבערס האָבן געלייענט ניט נאָר די ברייטע יידישע מאַסן, נאָר זיי זיינען דורך איבערזעצונגען געוואָרן אַ טייל פון דער וועלט־ליטעראַטור.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט צעטרייסלט דאָס יידישע לעבן. עס זיינען אומגעקומען אַ גאַנצע ריי יידישע ישובים, וועלכע האָבן געגעבן פאַרב און קאָליר דעם מאָדערנעם יידישן לעבן.

ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה איז פּוילן געווען דאָס לאַנד, וואו דאָס יידישע לעבן אין אַלע פאָרמען האָט זיך אַנטוויקלט און געבליט. מיט דעם אומקום פון די איבער זעקס מיליאָן יידן איז אומגעקומען דער גאַנצער יידישער ישוב אין פּוילן און אַ סך קלענערע ישובים.

די יידן אונטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, וועלכע ציילן זיך אין די מיליאָנען, האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ לעבעדיקער טייל פון אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם. דער צענטער פונעם יידישן לעבן, אויסער ישראל, איז איצט געוואָרן דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אויפן

ערשטן אָרט דער יידישער ישוב אין די פּאַראַיינִיקטע שטאַטן, דערנאָך אין אַרגענטינע, מעקסיקע און אַ גאַנצער ריי אַנדערע אַמעריקאַנער לענדער.

די יידישע אַסימילאַציע האָט אין די אַלע לענדער זייער הויך אויפ־געהויבן דעם קאָפּ. זי רייסט זיך דורך טיר און פענצטער צו פּאַרטיליקן אַלץ וואָס איז אויפן געביט פון יידישער קולטור געשאַפן געוואָרן.

דער אויפקום פון מדינת ישראל, וואָס איז זיכער אַ פריידיקע און גרויסע געשעעניש אין אונדזער לעבן, האָט נאָך מער דערמוטיקט דעם עקסטרע־מען העברעאיזם צו פאַרשפרייטן דעם געדאַנק, אַז מיט דער עטאַבלירונג פון העברעאיש ווי די שפּראַך פון דער מדינה, דאַרף יידיש אַרויסגע־שטויסן ווערן פון יידישן קולטור־לעבן אין אַלע תפוצות ישראל.

קעגן אָט די צוויי כוחות — אַסימילאַציע פון איין זייט, און דעם עקסטרעמען העברעאיזם פון דער צווייטער זייט — פירן איצט אַ קאַמף די יידישע קולטור און שפּראַך פאַר זייער ווייטערדיקן המשך.

די דריי רעפעראַטן אויף אונדזער שול־צוזאַמענפאָר האָבן באַלויכטן דעם ענין שפּראַך אין שול אין דער איצטיקער צייט.

ש מ ו א ל נ י ג ע ר האָט גערעדט וועגן דער נאַציאָנאַלער ראָלע פון יידיש און דער יידישער קולטור.

י ו ס ף אָ פּ אַ ט אָ ש ו האָט איבערגעגעבן דעם ווערט פון יידיש אין דעם רעפעראַט: „טויזנט יאָר יידיש".

ז ל מ ן י ע פ ר ו י ק י ן האָט אין זיין רעפעראַט „היינטציי־טיקייט אין דער יידישער דערציאונג" באַלויכטן די פּראָבלעמען וואָס שטייען אין דער איצטיקער צייט פאַר דעם יידישן לערער און דערציער.

מיר פילן, אַז אַלע דריי רעפעראַטן ברענגען אַריין אַ סך קלאָרקייט און פאַרשטענדעניש בשייכות מיט יידישע קולטור־פּראָבלעמען.

מיר רעכענען, אַז יעדער יידישער מענטש וואָס האָט אַן אינטערעס אין די פּראָבלעמען דאַרף די רעפעראַטן לייענען.

דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט דעריבער באַשלאָסן די דריי רעפעראַטן אַרויסצוגעבן אין אַ באַזונדער ביכל, כדי אַ וואָס ברייטערער עולם זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט די דריי רעפעראַטן צו לייענען.

**נ. כאַנין,**
בילדונגס־דירעקטאָר, א"ר.

# וועגן דער נאַציאָנאַלער ראָלע פון יידיש און דער יידיש־קולטור

פון ש. ניגער

א



איז דען איצט נאָך נייטיק צו רעדן וועגן דער ראָלע, וואָס יידיש האָט געשפילט און שפילט אין אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן? איז עס דען אַ פראַגע, וועט מען זאָגן, וואָס איז נאָך אַלץ ניט פאַרענטפערט געוואָרן? און מען וועט אין פלוג זיין גערעכט. שוין מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ווען מען האָט זיך גענומען אַמפּערן וועגן אַ טיטל פאַר דער שפראַך, וואָס מען האָט זי שוין נישט געקאָנט מער האַלטן פאַר קיין „זשאַרגאָן", האָבן אייניקע געזען אין יידיש די נאַציאָנאַלע שפּראַך פונעם יידישן פאָלק. די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ (1908) האָט געפּסקנט: „אַ נאַ־ציאָנאַלע שפראַך". אָבער אַפילו יענע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז יידיש איז נאָך אַלץ נישט מער ווי אַ פאָלקסשפראַך, האָבן נישט פאַרלייקנט און פאַרלייקענען נישט (ווי וואָלטן זיי דען געקאָנט פאַרלייקענען?) דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון יידיש און פון דער גאַנצער יידיש־קולטור (די יידישע פאָלקס־שאַפונג, דאָס לערנען אויף יידיש אין חדרים און ישיבות, דאָס זאָגן תורה, און דרשנען אויף יידיש, די אַלטע און נייע, רעליגיעזע און וועלטלעכע יידישע ליטעראַטור, די יידישע פּרעסע, דער יידישער

טעאַטער, דער פאַקט, וואָס אַ רוב מנין פון יידישן פאָלק לעבט זיך אויס פריוואַט און געזעלשאַפטלעך אויף יידיש). היינט צו וואָס זיך טאַקע אומקערן צוריק צו אַן עניין, וואָס איז לאַנג שוין אויפגעקלערט געוואָרן?

דער תירוץ איז, אַז עס זיינען דאָ פראַגעס, און דווקא גרויסע פראַ־געס, וואָס אַפילו ווען מען געפינט אויף זיי אַן ענטפער, איז עס זעלטן ווען אַן ענטפער, וואָס ווערט געגעבן איין מאָל פאַר אַלע מאָל. עס שטייט אַן אַ נייע עפּאָכע, די אומשטאַנדן ענדערן זיך, — און די אַלטע פראַגע ווערט געשטעלט פון ס׳ניי, זי קריגט אַ נייעם, אָפּט נאָך אַפילו אַ שאַרפערן אויסדרוק — און מען מוז זיך אויף איר ווידער אַ מאָל אומקוקן.

אַזאַ פראַגע איז ביי אונדז די שפּראַכן־פראַגע. זי איז לעצטנס ווידער אַרויסגעשוואומען פון אונטער דעם אייבערפלאַך — און זי מאָנט ווידער אַ מאָל אַן ענטפער.

דאָס איז דערפאַר, ווייל דער בנין פון אונדזער פאָלקס לעבן איז סיי פון אינעווייניק, סיי פון דרויסן אויפגעטרייסלט און צעטרייסלט גע־וואָרן. ווי אַ רעזולטאַט דערפון זיינען פריערדיקע ספקות געוואָרן זיכערקייטן און, פאַרקערט, אמתן, וואָס זיינען געווען פעסט און קלאָר, זיינען פאַרנעפּלט און פאַרטונקלט געוואָרן, — און צו אָט די פאַרטונקלטע אמתן געהערט אויך דער אמת וועגן יידיש, דער קולטור פון יידיש און זייער ראָלע אינעם לעבן פונם יידישן פאָלק.

כדי עס צו פאַרשטיין, איז נישט גענוג צו וויסן (און מיר וויסן זייער גוט), וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די לעצטע יאָרן, — וואָס עס איז אין אונדזער וועלט חרוב געוואָרן און וואָס עס איז אויפגעבויט געוואָרן. עס איז נייטיק צו דערמאָנען זיך אָן דעם אָרט, וואָס יידיש האָט פאַרנומען ביי אונדז אין פריערדיקע צייטן. אַ קורצע היסטאָרישע באַטראַכטונג פון אָט דער פראַגע וועט אונדז העלפן באַנעמען, פאַר וואָס זי ווערט איצט ווידער אַ מאָל געשטעלט.

ב

ווי מיר וויסן, איז דער אָרט פון יידיש אין אונדזער קולטור־באַוואוסטזיין נישט אַלע מאָל געווען אַן אָרט אויבן־אָן... פאַר וואָס? פאַר וואָס איז מאַמע־לשון געווען אַזוי אָפּט דערנידעריקט און פאַר־שעמט? האָט זיך עס גענומען פון זיינע ריין שפּראַכלעכע אייגנשאַפטן?

האָט די הויפּט־ראָלע דאָ געשפּילט דער חילוק צווישן „השפה היפה" און „שפת עלגם"? ניין, עס האָט זיך געדערדט ווענן אַ סך אַ טיפערן אונטערשייד. אַזוי ווי ביי אַנדערע פעלקער, איידער די גערעדטע שפּראַך איז געוואָרן זייער לשון שבכתב, די שפּראַך פון זייערע העכערע קולטור־ווערטן, איז אויך ביי אונדז דער גורל פון דער פאָלקסשפּראַך געווען דער גורל פון די פאָלקס־מענטשן, פון די פאָלקסמאַסן, פון די אַלע, וואָס זייער טאָג־טעגלעכער לשון איז געווען אויך דער לשון פון זייער שבת און יום־טוב, די שפּראַך פון זייער שעפערישקייט. אויף אָט די „פּראָסטע מענטשן", אָדער „געמיינע לייט", וואָס צו זיי האָבן געהערט ביי אונדז כמעט אַלע פּרויען און אויך אַ היפּש ביסל מענער, — האָט מען געקוקט ווי אויף נחות דרגאַס, — ממילא, האָט מען אויך אויף זייער שפּראַך געקוקט פון אויבן אַראָפּ. דאָס איז געווען אַ לשון קלילה, ד"ה אַ גרינגער, אָבער ניט קיין חשובער לשון. אמת טאַקע, די רבנים, די דיינים, די ראשי ישיבהס, די מגידים און אַנדערע תלמידי חכמים האָבן גערעדט יידיש, אַזוי ווי אַלע אַנדערע יידן, און עס האָט אַפילו געטראָפן, אַז זיי האָבן געשריבן „בלשוננו", אָבער ביי זיי און פאַר זיי איז אונדזער לשון גייסטיק אָדער, ווי מיר זאָגן איצטער, קולטורעל געווען נאָר אַ געהילפס־שפּראַך. דער אמתער לשון פון זייער העכערן גייסטיקן לעבן, דערהויפּט פון די ספרים, וואָס זיי האָבן געשריבן, פון די תפילות און ברכות, וואָס זיי האָבן געזאָגט, איז געווען לשון קודש. אויף יידיש האָבן זיי די תורה, די גמרא און אַנדערע הייליקע ספרים בלויז געטייטשט, פאַרטייטשט און אויסגעטייטשט, און כאָטש קיינער פון זיי האָט זיך ניט געשעמט מיט אָט דעם לשון, איז עס דאָך געוואָרן דערהויפּט אַ לשון פאַר דברי חול, און אַזוי ווי דער עיקר אין לעבן איז געווען ניט דברי חול, עולם־הזה־זאַכן, נאָר הייליקע ענינים, תורה, מצוות און מעשים טובים, — האָט מען פאַר דער עיקרדיקער שפּראַך געהאַלטן ניט יידיש, די שפּראַך פון אין דער וואָכן און „אין דערוואָכנדיקע" יידן, נאָר לשון קודש, ד"ה העברעאיש־אַראַמעאיש, דעם לשון פון תורה, גמרא און אַלע אַנדערע ספרים קדושים.

יידיש איז געווען אַ לשון פון דער צווייטער מדרגה דערפאַר ווייל די יידן, וואָס יידיש איז געווען די איינציקע שפּראַך, וואָס זיי האָבן פאַרשטאַנען, זיינען געווען יידן פון אַ צווייטער מדרגה, יידן — עם הארצים, יידן — יידענעס.

אַז עס האָט זיך באַוויזן חסידות, און מען האָט מיט אַ פּראָסטן קאַפּיטל תהלים, מיט דאַוונען בכוונה, נישט דווקא מיט לומדות, געקאָנט דערגרייכן אַ הויכע מדרגה, איז אויך יידיש, די פּראָסטע שפּראַך, ניט געווען מער אַזוי דערנידעריקט, ווי פריער.

זיינען געקומען די משכילים און האָבן אויפן הויכן שטול פון תורה אַוועקגעזעצט חכמה, בילדונג, לשון און די „אומוויסנדיקע" יידן, די, וואָס קענען נישט קיין דקדוק, האָבן אין גאַנצן פאַרלאָרן זייער חשיבות, — איז, ממילא, אויך יידיש געוואָרן „זשאַרגאָן", תחינה־לשון אד"גל.

חשוב און דערהייבן געוואָרן איז יידיש ערשט דאַן, ווען דער יידי־שער פאָלקס־מענטש און אויך די פרויען, וואָס האָבן נישט געקענט קיין לשון קודש, זיינען סוף 19טן יאָרהונדערט ביסלעכווייז אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם מעכטיקן שטראָם פון דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אויפוואַכונג פונעם יידישן פאָלק. נייע גייסטיקע ווערטן האָבן זיך גע־וויזן, נייע אידעאַלן, — אידעאַלן פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און פּאָליטישער פרייהייט, אידעאַלן פון נאַציאָנאַלן זעלבסט־באַוואוסטזיין און זעלבסט־עמאַנסיפּאַציע האָבן געצונדן די יידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע, און כאָטש די נייע אידעען און אידעאַלן האָבן געצויגן חיונה אויך פון אַלטן קוואַל, דעם קוואַל פונעם תורה און נביאים, איז די שפּראַך, אין וועלכע זיי האָבן געפונען זייער נייעם אויסדרוק, די שפּראַך, דורך וועלכער זיי זיינען אַריינגעדרונגען אין יידישע מוחות און האָבן זיך אַריינגעזונגען אין יידישע הערצער, — געווען יידיש.

יידיש איז געוואָרן דער מעדיום פון די אידעען און די אידעאַלן, וואָס האָבן אויפגעוועקט און אויפגעהויבן דעם יידישן פאָלקס־מענטשן, — און אין איינעם מיט אים איז יידיש אַליין אויך נתעלה געוואָרן — און נאָך מער ווי אין דער תקופה פון חסידות. זיין נייע חשיבות און גדולה האָט מאַמע־לשון נישט געדאַרפט מער טיילן מיט לשון קודש, ווי דאָס איז געווען אין די אַלטע, גוטע און פרומע צייטן פון חסידות. עס איז געוואַקסן און האָט פאַרנומען אַלץ אַ מער און מער אָנגעזעענעם אָרט אין אונדזער קולטור־לעבן די יידישע פּרעסע, דער יידישער טעאַ־טער, די יידישע ליטעראַטור, די יידיש־געזעלשאַפטלעכע טריבונע, — און אין איינעם מיט זיי איז געוואַקסן און געוואָרן אַלץ רייכער און אַלץ אָנגעזעענער די יידישע שפּראַך, וואָס זיי אַלע האָבן באַנוצט.

דער יידישער פֿאָלקס־מענטש און אַרבעטס־מענטש, דער יידישער פֿאָלקס־אינטעליגענט און פֿאָלקס־פֿירער איז געוואָרן אַ טרעגער פֿון מאָדערנעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן געדאַנק, ער האָט אָנגעהויבן זאָגן דעות און מישן זיך אין יידישע — און נישט נאָר אין יידישע — קהלשע געשעפֿטן; אין אַ סך פּרטים איז ער געוואָרן דער פּרוכטבאַר־סטער פּראָגרעסיווער כּוח פֿון יידישן לעבן, זיין אַוואַנגאַרד, — איז אין איינעם מיט אים אויך זיין שפּראַך, יידיש, אַרויס אויף דער אַוואַנסצענע פֿון דער יידישער געשיכטע.

הכלל, דער וועג פֿון אונדזער פֿאָלקסשפּראַך, סיי באַרג־אַראָפּ, סיי באַרג־אַרויף, איז דער וועג פֿון דעם יידישן פֿאָלקס־לעבן, פֿון דעם יידישן פֿאָלקס־מענטשן — זיינע ירידות און זיינע עליות זיינען אירע ירידות און אירע עליות.

ג

און אויב עס איז ווידער אַ מאָל געקומען איצט אַ צייט, ווען מען דאַרף שטיין אויף דער וואַך פֿון דער פֿאָלקסשפּראַך און זען, אַז זי זאָל נישט אַראָפּפֿאַלן אָדער אַראָפּגעוואָרפֿן ווערן פֿון דעם הויכן שטול, אויף וועלכן די געשיכטע האָט זי אַוועקגעזעצט, איז עס צוליב די מפּלות, וואָס די גאַנצע יידישע פֿאָלקס־קולטור, דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלקסלעבן האָט געליטן. איר ווייסט, וואָס איך מיין... איך דאַרף אייך נישט דערמאָנען, אַז עס איז קאַטאַסטראָפֿאַל קלענער געוואָרן די צאָל יידיש־רעדנדיקע, יידיש־לייענענדיקע און יידיש־שאַפֿנדיקע יידן... אויף אַ גאַנצן דריטל קלענער געוואָרן. דער גרעסטער און איינגעז־פֿונדעוועסטער צענטער פֿון יידיש — מזרח־אייראָפּע — איז חרוב געוואָרן, — חרוב געוואָרן פֿיזיש אין די ניט־סאָוועטישע און גייסטיק — אין די סאָוועטישע און סאָוועטיזירטע טיילן פֿון אייראָפּע. אָבער נישט נאָר דער שטח פֿון יידיש־לאַנד איז אַזוי טראַגיש איינגעשרומפּן געוואָרן, — אויך זיין צייט־פּערספּעקטיוו איז, אַזוי צו זאָגן, פֿאַרטונקלט געוואָרן — דורך דעם, וואָס אַפֿילו אין יענע יידישע ישובים, וואו יידיש לעבט און שאַפֿט, לעבט זי, ווי עס דוכט זיך, מיטן היינט און שאַפֿט פֿאַרן היינט, פֿול מיט זאָרגן פֿאַרן מאָרגן.

און נישט נאָר דאָס אַליין.

נאָך אַ נעגאַטיווער פֿאַקטאָר איז צוגעקומען — נאָך אַ כּוח, וואָס

אין אַ סך פּרטים איז ער דווקא האָפענונגספּול, קאָנסטרוקטיוו און שעפעריש, אָבער — נישט אין דעם ענין פון יידיש און דער קולטור פון יידיש: די חשיבות פון דער יידישער שפּראַך און איר נאַציאָנאַל־שעפערישער ראָלע קומט ער צו פאַרמינערן... כ׳האָב אין זינען די גרויסע געשעעניש פון אונדזערע טעג — די עטאַבלירונג פון דער יידישער מדינה. ווי אַ סך אַנדערע היסטאָרישע פּאַסירונגען, שפּרייט זי אין איין אָרט ליכט און אין אַן אַנדערן — שאָטנס. בנוגע צו יידיש, דער „גלות־שפּראַך", באַשטייט די ראָלע פון ישראל אין דעם, וואָס זי צעשטערט דאָס — אַזוי אויך וואָקלדיקע — גלייכגעוויכט צווישן יידיש און העברעאיש. מיט איר גאַנצן געוויכט לייגט זי זיך אויף דער וואָגשאָל פון העברעאיש, — זי זאָל איבערוועגן. הגר, דערמאָנט זי אונדז, איז אַ שפחה, — און כאָטש זי האָט אַברהמען געבאָרן אַ זון, איז זי, אין איינעם מיט איר קינד, איצט אַן איבעריקע אין הויז. מען טאָלערירט זי, אָבער די גברת, די באַלעבאָסטע — גיט מען איר אָנצוהערענישן — איז שרה, וואָס עס איז געשען אַ נס און זי איז ווידער אַ מאָל יונג געוואָרן.

העברעאיש איז געווען אַ „גברת", יונג־העברעאיש איז מער ווי אַ „גברת", זי איז אַ „מלכה": כתר מלכות איז אויף איר יונג געוואָרענעם קאָפּ!

אַחוץ דעם יחוס פון מאַכט און אַחוץ יחוס אָבות האָט זי יחוס בנים: די שפּראַך פונעם יונגן דור אין ישראל איז און מוז זיין ניי־העברעאיש.

איז עס אַ מיטל אין די הענט און די מיילער פון די נעאָ־העברע־איסטן צו ווירקן אויך אויף די דערוואַקסענע — און נישט נאָר אין ישראל אַליין.

הגר, האַלטן זיי אין איין רעדן צו דער פּילמיליאָנענדיקער „שארית הפליטה", — הגר, ד"ה יידיש און די קולטור פון יידיש האָט נישט אויף וואָס צו האָפן אַפילו אין „מדבר" — אין גלות־מדבר. איר לאָגל אין איראָפּעאישן מדבר — פאַרגיסן זיי אַ טרער — איז אויסגעטריקנט געוואָרן. און אַזוי — זאָגן זיי פינצטערע, אַכזריותדיק־פינצטערע נביאות — וועט ער טרוקן זיין אין דער גאַנצער וועלט... מיר זיינען, שפּאָטן זיי, געפאַלענע, — און זיי כאַפּן אַריין די מיאוסע מצווה פון שלאָגן אַ געפאַלענעם... נישט גענוג, וואָס פיינטלעכע כוחות האָבן דעם בנין פונעם יידישן לעבן און דער יידישער קולטור צעטרייסלט פון דרויסן,

— דערוועגן זיי זיך אונטערצוגראָבן זיך אויך פון אינעווייניק אונטער די אָפּגעשוואַכטע פּאָזיציעס, סמנדיק אונדז מיטן סם פון ספקות, גיסנדיק יאוש אין אונדזערע הערצער...

זיינען מיר עולה קיין ישראל, ווערן מיר גלייך יידן־יורדים, אויב מיר זאָגן זיך נישט אָפּ פון אונדזער יידיש־בכורה, פון אונדזער יידיש־ירושה. בלייבן מיר אין גלות, זיינען מיר ניט סתם אַזוי יורדים, נאָר יורדי דומה, — און האָבן נישט קיין תיקון און קיין תקומה... אָט אַזוי זייט מען אין די נשמות פון מיליאָנען יידישע פּאָלקס־מענטשן אומ־צוטרוי און — וואָס איז נאָך ערגער — אומאַכטונג צו זיך אַליין, — און (ווי אַלע מאָל) אַז זיי ווערן דערנידעריקט, ווערט אין איינעם מיט זיי דערנידעריקט אויך זייער שפּראַך, זייער קולטור.

איז, דעריבער, ווידער אַ מאָל, נייטיק געוואָרן צו שיצן זיך קעגן דעם גיפט פון ביטול און פאַראַכטונג צו דעם טויזנטיאָרעדיקן יידישן פּאָלקס־לעבן און פּאָלקס־שאַפן.

ד

ס'איז ווידער אַ מאָל נייטיק געוואָרן איבערצוחזרן פאַרגעסענע אַלף־בית־אמתן.

א. דער נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער ווערט פון דער יידיש־ירושה איז מחמת דער פאַרקלענערטער צאָל יורשים נישט קלענער גע־וואָרן. בלויז דער שטח פון איר אויסשפּרייטונג, ניט זי אַליין, איז איינ־געשרומפּן געוואָרן... זיינען דען תנך און תלמוד און קבלה און חסידות און השכלה געשטאָרבן אין איינעם מיט זייערע דורות? יעדע פון אָט די גרויסע קולטור־שאַפונגען האָט נאָכן טויט פון איר תקופה אָנגעהויבן צו לעבן, — אמת, אַ שטילערן, אַ טיפערן, אַ מער פאַרבאָרגענעם לעבן, אָבער זי האָט נישט אויפגעהערט צו עקסיסטירן, איר קוואַל איז ניט פאַרשטאָפּט געוואָרן. אַזוי איז אויך ניט פאַרשאָטן געוואָרן דער ברונעם פון יידיש און דער יידיש־קולטור ווען עס זיינען חרוב גע־וואָרן די יידישע ישובים, וואָס האָבן אין משך פון דורות אים געגראָבן און אַלץ טיפער און פולער געמאַכט. דער אומ־קום פון די, וואָס האָבן דעם קוואַל געגראָבן און פון די, וואָס האָבן מיט פולע עמערס געשעפּט פון אים, האָט נאָר גרעסער געמאַכט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און שווערער דעם עול פון אונדז, די לעבן־

געבליבענע. די ירושה פון יידיש און דער יידישער קולטור האָט צוליב דעם, וואָס מיר זיינען איצט אירע איינציקע אַפּוטרופּסים, נישט פאַר־לאָרן איר ווערט אין אונדזערע אויגן. זי איז אונדז איצט, פאַרקערט, טייערער, ווי ווען עס איז. זי איז פאַר אונדז איצט נישט בלויז דאָס, וואָס זי איז אַליין, נאָר אויך — דער הייליקער אָנדענק נאָך אירע שאַפערס. זי איז אַלץ נאָך אַ דינאַמישער כוח אין דער יידישער גע־שיכטע, זי ווירקט און ווערט נישט אויפהערן צו ווירקן אויף אונדזער אינעווייניקסטן לעבן, אויף אונדזער שעפערישקייט.

ב. מיר, אירע איצטיקע טרעגערס, זאָגט מען אונדז, זיינען אַ דור פון היינט, אפשר אויך פון מאָרגן, אָבער — וואָס איז ,פרעגט מען, מכוח איבערמאָרגן ?

מען סטראַשעט אונדז מיט פינצטערער נביאות־זאָגעריי — און מען פאַרגעסט אַז אַ פאָלקסשפּראַך און זיין קולטור איז פריער ווי אַלץ, פאַר זיין לעבעדיקן לעבן, פאַר זיינע נויטבאַדערפענישן, פאַר זיין נאַ־טירלעכער און קאָנקרעטער שעפערישקייט, ניט פאַר יענער אַבסטראַק־ציע, וואָס איר נאָמען איז „צוקונפט". מען האָט כלומרשט מורא, טאָמער, חלילה, וועט דאָס ליכט פון לעבעדיקן יידן שפּעטער, חלילה, פאַרטונקלט ווערן, איילט מען זיך צו — און מען לעשט עס שוין איצט, אַנשטאָט צו טאָן אַלץ וואָס מען קאָן, אַז עס זאָל לייכטן וואָס העלער — און וואָס לענגער. מען וויל אונדז פאַרזיכערן מיט אַ מאָרגן, דערווייל שינדט מען פאַסן פונעם היינט, פון אָט דעם ערב־שבת, וואָס איז דער איינ־ציקער כוח, וואָס קאָן עפּעס צוגרייטן אויך פאַרן שבת. מען פאַרגעסט — און דאָס איז נאָך וויכטיקער — אַז מיר האָבן נישט אויפגעהערט צו ציען חיונה פון אונדזער העברעאישער קולטור, ווען אונדזער לשון איז געוואָרן תרגום־לשון — פאַרקערט, מיר האָבן דאַן נאָך מער פאַרהייליקט העברעאיש און ס'איז געוואָרן לשון־הקודש. מען פאַרגעסט, אַז מיר האָבן נישט אויפגעהערט צו טרינקען פון די העברעאישע און אַראַמע־אישע קוואַלן, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו רעדן (און שפּעטער אויך צו שרייבן) יידיש... אָט אַזוי דאַרפן מיר און קאָנען שטרעבן דערצו, אַז אויב מען זאָל, חלילה, אָפּגעריסן ווערן אי פון העברעאיש־אַראַמעאיש, אי פון יידיש, זאָל מען מיט די לעצטע כוחות איבערנעמען אי די העברעאיש־אַראַמעאישע, אי די יידישע קולטור־ירושה.

וואָס רייכער און וואָס לעבנספעאיקער די ירושה וועט זיין, וואָס מער

מיר ווען אָנזאַמלען און איבערלאָזן, אַלץ מער און אַלץ לעבנס־פעאיקערע יורשים וועלן זיך אָפּזוכן.

ג. אָבער (זאָגט מען אונדז) די יידישע מדינה און דער אימפּע־ראַטיוו פון איר שפּראַכלעך־נאַציאָנאַלער גאַנצקייט איז מער שוין נישט קיין זאַך פון מאָרגן, נאָר פון היינט. איז לאָמיר — ראָט מען אונדז — ברענגען נאָך אַ קרבן אויף איר מזבח, דעם קרבן יידיש. דער היינט פון דער ניי־העברעאישער קולטור איז דאָך, זאָגט מען אונדז, אַ מער זיכערע „אינוועסטירונג", ווי דער יידיש־היינט. דערביי טראַכטן נאָר יחידים און גאָר קליינע גרופּעס וועגן דעם יידיש־קוואַל, ווי וועגן איינעם פון די קוואַלן, וואָס זאָלן פּרוכטבאַר מאַכן דעם באָדן פון דער ישראל־קולטור גופא. מען וויל יידיש מאַכן פאַר אַ קרבן עולה, וואָס אויפן ניי־העברעאישן מזבח זאָל ער אין גאַנצן פאַרברענט ווערן — על ראשו ועל כרעיו... ווייס מען דען ניט, אַז מען וואָלט אין דעם פאַל מקריב געווען אַ רייכן נעכטן, נישט נאָר דעם היינט פון גלות? ווייס מען דען נישט, אַז די יידיש־עפּאָכע, ווי יעדע גרויסע תקופה אין אַ פאָלקס געשיכטע, האָט אַבסאָרבירט און אַסימילירט מיט זיך אַלע פריערדיקע עפּאָכעס און אַז אָפּטרייסלען זיך פון איר מיינט אויך פון זיי זיך אָפּטרייסלען — און אָנהייבן אַלץ פון ס'ניי? איז עס געוואונטשן? און — דער עיקר — איז עס דען מעגלעך? אַזוי ווי אַ פאָלק זאָגט זיך נישט אָפּ פון זיין היינט, ווייל עס וויל זיך נישט אָנטאָן קיין מיתה, סיידן עס איז קראַנק אָדער משוגע, אַזוי לאָזט עס אויך זיין נעכטן און אייערנעכטן נישט אויף הפקר, — אַלץ איינס צי עס טראָגט דעם נאָמען „גלות", אָדער אַן אַנדער נאָמען. און ווען מען פאַרלאַנגט פון אונדזער דור מקריב צו זיין אויפן מזבח פון עפּעס אַ ווילדן, נישט־געטלעכן געבאָט זיין שפּראַך און קולטור, פאַרלאַנגט מען אין דער אמתן פון אים, אַז אַחוץ זיך אַליין, זאָל ער מבטל און מבזה זיין אויך די אָבות, די גאַנצע גאָלדענע קייט פון דורות, וואָס זיינען אין אים מגולגל גע־וואָרן און וואָס ער גיט זיי אַ תיקון. ווייס מען דען ניט, אַז ווען ער זאָל אויפהערן צו זיין טריי זיך אַליין, וואָלט ער אויך זיי פאַרראַטן? ווייס מען דען ניט, אַז אָן אַ היינט איז נישטאָ קיין נעכטן?

וואָס איז שייך צום מאָרגן אָדער איבערמאָרגן, איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, אַז זאָל נאָר דער איצטיקער דור, דער יורש פון נעכטן, היטן שעפעריש זיין פאַרמעגן, וועט ער אַליין אויך האָבן יורשים.

נאָר ווען מיר זאָלן עס, חלילה, לאָזן אויף הפקר, ווער נאָר ווען מיר זאָלן עס, חלילה, לאָזן אויף הפקר, וועט ניט זיין, ווער עס זאָל עס איבערנעמען. וועלן מיר אונדזער ירושה טייער האַלטן, וועלן מיר נישט לאָזן זי פאַרגליווערט ווערן, וועט זי פון אונדז און מיר פון איר באַפרוכפּערט ווערן, — וועלן געבוירן ווערן דורות, וואָס — אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרעם — וועלן זיי שטילן זייער דאָרשט פון אירע טיפע קוואַלן... ס'איז אַ כלל, אַז ווען נאָר ס'איז דאָ אַ היינט, וואָס איז פאַרוואָרצלט אין נעכטן, — ליגן אין אים אַליין באַהאַלטן קערנדלעך פון דער צוקונפט...

איז, דעריבער, אונדזער הייליקסטער געבאָט: ניט לאָזן זיך אויס־וואָרצלען. און דאָס מיינט — ניט לאָזן דערנידעריקן, ווי מען האָט ניט איין מאָל שוין דערנידעריקט, דעם פאָלקס־מענטשן, דעם יידיש־מענטשן, העלפן אים זיך האַלטן אין דער מעלה און האַלטן דעם קאָפּ הויך אויפגעהויבן, — וועט די יידיש־קולטור און איר נאַציאָנאַל־היסטאָרישע ראָלע זיין אָנגעזעענער און ווערטפולער ווי ווען עס איז אין דער יידישער געשיכטע...

# טויזנט יאָר יידיש

פון
י. אָפּאַטאָשו



אין טויזנט ניין הונדערט און אַכט, אויף דער טשער־נאָוויצער קאָנפערענץ, האָט י. ל. פּרץ אין זיין רעדע, וואָס האָט מיטגעריסן דעם עולם, געוואָרפן אַזאַ זאָג:

„יידיש הייבט זיך נישט אָן מיט אייזיק מאיר דיק. דאָס חסידישע מעשהלע איז דער בראשית".

היינט, צוויי און פערציק יאָר נאָך דער טשער־נאָוויצער קאָנפערענץ און פינף און דרייסיק יאָר נאָך פּרצעס טויט, ווייסן מיר, אַז דאָס חסידישע מעשהלע איז נישט דער בראשית פון יידיש. ס'חסידישע מעשהלע איז געבאָרן געוואָרן מיט אַ צוויי הונדערט יאָר קריק. און דער בראשית פון יידיש, נישט ווי אַ שפּראַך נאָר שוין ווי אַ שעפערישער אינסטרומענט, האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אין 12טן, 13טן יאָרהונדערט. דעם אָנהייב 14טן יאָרהונדערט האָבן מיר שוין געהאַט דעם יידישן העלדן־עפּאָס, דאָס „שמואל־בוך" — אַן אָריגינעלע שאַפונג, וואָס אָפּערירט מיט ריין יידישע טעמעס און שטאָפן — אַ ווערק פון אַ הויכער, רייפער און שוין שטאַרק טראַדיציאָנעלער טעכניק. דאָס שמואל־בוך האָט מיט זעקס הונדערט יאָר קריג שוין געמאַכט שולע. מען האָט שוין דעמאָלט געזאָגט, אַז די מעלאָדיע פון „שמואל־בוך" קען „כל ישראל". ס'פערצנטע יאָרהונדערט איז שוין געווען אַ בליצייט אין דער יידישער ליטעראַטור.

דעמאָלט האָט אונדזער לשון נאָך נישט געהייסן „זשאַרגאָן" — אַ נאָמען וואָס איז געבאָרן געוואָרן מיט דער אַסימילאַטאָרישער השכלה פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט. יידיש האָט דעמאָלט געהייסן: „לשון

אַשכנז". פון „לשון אַשכנז" איז געוואָרן „יידיש־טייטש". פון „יידיש־טייטש" — „לשוננו" — אונדזער שפּראַך. פון „אונדזער שפּראַך" איז עס געוואָרן „יידיש".

און יידיש האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, געהאַלטן אין איין אויס־שפּרייטן איר טעריטאָריע. מען האָט גערעדט יידיש אין איטאַליע, אין פראַנקרייך, אין האָלאַנד, אין סטאַמבול, אין ארץ־ישראל. מען האָט גערעדט יידיש אין בעמען, אין מערען, אין פּוילן, אין ליטע, אין אוקראַינע, ביז אַראָפּ צום שוואַרצן ים.

„לשון אַשכנז" האָט אויפגעהערט צו זיין אַ געאָגראַפישער באַגריף, ס'איז געוואָרן אַן אידעאישער, ס'איז געוואָרן „יידישלאַנד".

און זאָל עס דאָ געזאָגט ווערן — ס'איז אַ בילבול און אַ היסטאָ־רישער שקר, אַז יידיש איז געווען בלויז די שפּראַך פון ווייבער, מייד־לעך און עם־הארצים. געוויס האָט די רעליגיעזע ליטעראַטור אויף יידיש נישט געהאַט קיין אינטערעס פאַרן למדן. דער למדן האָט די רעליגיעזע ליטעראַטור געהאַט אין אָריגינאַל, אין העברעאיש און אין אַראַמיש. די יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט אין זיך געטראָגן די יידישע וועלטלעכקייט און וועלטלעך־ליטעראַריש שאַפן, האָט פאַרכאַפּט ס'גאַנצע פאָלק, אַלע אירע שיכטן, ווייל אין העברעאיש, אין אַראַמיש איז דעמאָלט אַזאַ מין שאַפן נישט געווען. כ'שטרייך אונטער — יידישע וועלטלעכקייט — ווייל אין „שמואל־בוך" האָט דער קינסטלער שוין גע־זען די וועלט מיט יידישע אויגן. און דאָ רעדט זיך נישט בלויז פון דעם יידישן „לבוש", ס'רעדט זיך אויך פונעם תוך, פונעם אינהאַלט. לבוש איז אויך אינהאַלט.

פון איבער 120 שער־בלעטער פון אַלטע יידישע אויסגאַבעס ווענדן זיך בלויז ניין שער־בלעטער אויסשליסלעך „צו פרומע ווייבער, בחורים און 'פולצילס' " (מיידלעך). איבער 100 שער־בלעטער ווענדן זיך נישט בלויז צו „ווייבער און מיידן", נאָר אויך צו „בחורים און באַלעבאַטים, אַלע ביידן, די ליבע לייט, מאַן און ווייב, יינגען און מיידן".

און נישט בלויז דאָס.

דאָס ערשטע לערנען פון דעם חדר־יינגל ביז דעם האַרבסטן רמבם און שאַרפסטן פּילפּול — דאָס אַלץ איז דאָך געווען און איז אין יידיש. איבער טויזנט יאָר שוין, ווי ס'גיסט זיך אַריין אין יידיש דער חומש מיט די מפרשים, די גמרא מיט די מפרשים, דאָס באַהאַלטענסטע פון

דעם באַהאַלטנסטן — דער „זוהר", מיט אַלע קבלה־ספרים אויפן „זוהר". און טייל מקובלים, וואָס האָבן אויף יידיש געפירט זייער קאַמף קעגן די לומדים און רבנים, אַפילו קעגן תלמוד, האָבן דערקלערט, אַז משיח וועט גיכער קומען, ווען מען וועט דעם „זוהר" לערנען אין דער פאָלקס־שפּראַך, אין יידיש.

און צווישן די יידיש מחברים זיינען אויך געווען גאונים — ר' יעקב בר' יצחק סגל, ר' ליפּמאַן־העלער, דער תוספות יום־טוב, ביז צום „חפץ חיים".

דאָס אַלץ ווייזט, ווי טיף יידיש האָט געוואָרצלט אינעם אייראָפּע־פּעאישן יידנטום. יידיש איז געווען דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט, די לופט וואָס יידן האָבן געעטעמט און אַז איר ווילט — סיגעוויסן". פונעם וואָרט „יהדות" — „יידישקייט" — האָט ס'פּוילישע יידיש געשאַפן דאָס וואָרט „יאַנדעס" — „ער האָט קיין יאַנדעס נישט — ער האָט נישט קיין געוויסן".

און דאָס איז נישט קיין מליצה. דאָס איז נישט קיין מקח־וממכר. דאָס האָט אַרויסגעקוואָלן פון צעווייטקיטע יידישע הערצער, ווי די אינטו־איטיווע נישט־טיילבאַרע טאַטע־מאַמע־ליבע. נישט אומזיסט הייסט יידיש מאַמע־לשון. דעם ש"דס פאָטער, דער גאון ר' מאיר כץ, איז פאַר־ביטערט, וואָס סוף 15טן יאָרהונדערט זיינען נאָך פאַראַן יידן, וואָס רעדן אַ סלאַוויש לשון און ער בעט צו גאָט: „אם יתן ה' תמלא הארץ דעה וידברו כולם שפה אחת, לשון אַשכנז". און מיט לשון אַשכנז מיינט ר' מאיר כץ מאַמע־לשון, יידיש.

אין די פערטהאַלבן טויזנט יאָר, אויף דעם לאַנגן וואַנדערוועג, האָבן מיר יידן, אַ פאָלק מיט אַן אַלטער זעלבשטענדיקער קולטור, נישט, איין מאָל געביטן אונדזער לשון. דריי פון אונדזערע גערעדטע לשונות האָבן מיר נישט בלויז איבערגעשאַפן, מיר האָבן זיי אויך באַלעבט און דערהייבן צו נאַציאָנאַלע שפּראַכן. אונדזערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן זיינען: העברעאיש, אַראַמיש און יידיש.

ס'איז כמעט אַ געזעץ — ווען אַ פאָלק כאַפּט זיך, אַז זיין ליטע־ראַרישע שפּראַך הערט אויף צו באַדינען די טאָג־טעגלעכע נויטן, הייבט אים אָן צו ווערן פרעמד, קערט זיך דאָס פאָלק אָפּ פון דער ליטעראַרישער שפּראַך און דערהייבט ס'גערעדטע לשון, דעם זשאַרגאָן זיינעם. דער זשאַרגאָן ווערט די ליטעראַרישע שפּראַך. אַזוי האָבן די ראָמאַנישע

פעלקער זיך אָפּגעקערט פון לאַטיין און דערהייבן די פאָלק־דיאַלעקטן, די „זשאַרגאָנען", געמאַכט פון זיי — שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, פראַנצייזיש, איטאַליעניש, רומעניש.

אַזוי האָבן מיר ייִדן נאָך גלות בבל, אין דער צייט פון די „אַנשי כנסת הגדולה", אין דער צייט פון די פּרושים דערהייבן אַראַמיש דעם דעמאָלטדיקן זשאַרגאָן, דאָס לשון „הדיוט", אָדער ווי מען האָט אין אַראַמיש גערופן: „עברית", צו אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך. און דאָס האָט דער ייִד געטאָן אויף זיין אייגענעם אופן. דאָס אַראַמישע, וואָס ער האָט איבערגענומען, האָט ער אַזוי איבערגעקנאָטן, אַזוי איבער־געקאָכט, אַזוי אַנדערש געמאַכט פונעם סירישן אַראַמיש, ווי שפּעטער אין בבל פון דעם מאַנדעאישן אַראַמיש, אַז דער אַראַמעער האָט מער דעם ייִד נישט געקענט פאַרשטיין, ווייל דער ייִד האָט אין דעם געצנדי־נערישן אַראַמיש אַריינגעטאָן זיין ייִדישע נשמה — דעם ייִדנס לעבן־קוק און וועלטקוק — און באַקומען האָט זיך אַן אייגן לשון, אַ ייִדיש לשון.

נעמט אַזאַ טאַלאַנטירט פאָלק ווי די אירלענדער. פון זייער איבער־גענומענעם ענגליש האָבן זיי קיין אייגן לשון נישט געשאַפן, אַ לשון וואָס זאָל באַרייכערן די אירלענדישע ליטעראַטור און קולטור. פאַר־קערט, דאָס שאַפן פון די אירלענדער (און זיי האָבן געהאַט גרויסע מייסטערס), זייער שאַפן האָט באַרייכערט די ענגלישע ליטעראַטור, נישט די אירלענדישע. און דאָס קריק אויפלעבן פון אירלענדיש, ריכטיקער, גאַעליש, קומט זיי אָן מיט קריעת ים־סוף.

ייִדן וואָס פירן שוין עטלעכע טויזנט יאָר אַ זעלבשטענדיק קולטור־לעבן, האָבן געוואוסט און ווייסן, אַז ווען אַ פאָלק פאַרלירט זיין לשון, פאַרלירט ער אויך זיין נשמה.

און ייִדן האָבן געשאַפן אייגענע לשונות. ס'איז אָבער אַזוי גרינג נישט אָנגעקומען. דער שפּראַך־געראַנגל איז געווען אַ לאַנגער, אַ פאַר־ביסענער. שפּורן פונעם שפּראַך־געראַנגל געפינען מיר אין תלמוד, אין מדרש. די העברעאיסטן האָבן איינגעלייגט וועלטן, געסטראַשעט אַז מען טאָר נישט תפילה טאָן אין אַראַמיש, ווייל די מלאכי־השרת פאַרשטייען נישט קיין אַראַמיש. די אַראַמיסטן, די דעמאָלטדיקע ייִדישיסטן, האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן. זיי האָבן שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז העברעאיש איז נישט ס'ערשטע ייִדישע לשון. ס'איז שוין דעמאָלט אויך קשה

געוועז פאַר וואָס די עלטסטע יידישע תפילה ביים ברענגען בכורים הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אַרמי אובד אָבי" — אַ בלודנער אַראַמי איז געווען מיין פּאָטער. און אַז אונדזער פּאָטער איז געווען אַן אַראַמי וואָס וואַנדערט, איז געווען אַ בעדואינער, האָט ער דאָך נישט גערעדט קיין העברעאיש, נאָר אַראַמיש? און דער שפּראַכן־קאַמף איז אָנגעגאַנגען לויט דעם דעמאָלטדיקן יידישן וועלטקוק און לעבנקוק אויף די ליניעס פון דער דריי־אייניקייט — גאָט, תורה און פאָלק.

געזיגט האָט ס׳לעבן. אַראַמיש איז געוואָרן די ליטעראַרישע שפּראַך ביי יידן. אַראַמיש איז אַפילן אַריין אין תנך. פּרצעס אַ חסידישע מעשה האָט אין זיך מער העברעאיש, ווי די אַראַמישע קאַפּיטלעך פון ספר „דניאל". און דניאל, כאָטש אַן אַראַמיזירטער, איז קאַנאָניזירט געוואָרן מיט די „כתובים", איז פאַרהייליקט געוואָרן. און אויב די צדוקים זיינען געווען קעגן, איז נישט דערפאַר, וואָס דניאל איז געשריבן אין אַראַמיש, נאָר דערפאַר, וואָס דניאל רעדט וועגן יענער וועלט, וועגן תחית־המתים.

דאָס איז געווען אַן ערך 65 יאָר נאָך קריסטוסן. דעמאָלט האָט אַראַמיש שוין געהאָט איבערגענומען די גאַנצע העברעאישע קולטור־ירושה. זי פאַרדייט אויף איר שטייגער, זי איבערגעאַרבעט און צוגעפּאַסט נישט בלויז צום פאָלקס לעבן, נאָר אויך געשאַפן אין אַראַמיש די גרויסע נאַציאָנאַלע אוצרות — דעם תלמוד ירושלמי, דעם תלמוד בבלי. סוף 13טן יאָרהונדערט איז אויך געשאַפן געוואָרן דאָס אָריגינעלסטע טעאָסאָפישע ווערק, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט — דער „זוהר", ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אין אַראַמיש די תפילה, די אינטימסטע תפילה, ווען אַ זון געזעגנט זיך מיט זיין געשטאָרבענעם פאָטער, כ׳מיין דעם אַראַמישן „קדיש", וואָס נאָך היינט־צו־טאָג ווערט ער געזאָגט פון מיליאָנען יידן איבער דער גאָרער וועלט. פון העברעאישן „אל שדי" איז געוואָרן דער אַראַמיש־יידישער „רבונו־של־עולם", איז געוואָרן דער יידישער „טאַטע־פאָטער", וואָס וואָרצלט ביזן היינטיקן טאָג טיף אינעם יידישן פאָלק.

בלויז די וואָס פאַרטיפן זיך נישט אין דער יידישער געשיכטע, בלויז די ברענגען קעגן אונדזער לשון, קעגן יידיש, רבים אַ זאָג: „ווער דאַרף אין ארץ ישראל דאָס סורסישע לשון?". „אָדער לשון־קודש אָדער גריכיש". מען דאַרף געדענקען, אַז אין דער צייט פון תלמוד האָט אַראַמיש געהייסן: „עברית". אין תנך הייסט לשון־קודש — „יהודית". און

אַז מען טרעפֿט אין דער גמרא דאָס וואָרט „עברית״, ווייס שוין רשי צו זאָגן: „עברית לשון עבר הנהר״. עברית איז ס'לשון, וואָס מען רעדט אויף יענער זייט פּרת. און דאָרט האָט מען גערעדט אַראַמיש, נישט העברעאיש. און אַז מען לייענט די מגילה אין „עברית״ איז מען נישט יוצא. מען דאַרף זי לייענען אין לשון־קודש, נישט אין עברית. ווי שטייט אין דער גמרא מגילה, דף י״ח: „קראה את המגילה גיפטית, עברית, מדית... יוונית לא יצא״ — אויב מען האָט פּורים געלייענט די מגילה אין קאָפּטיש, אין עברית, אין מאָדיש, אין גריכיש, איז מען נישט יוצא. עברית — דאָס איז ס'אַראַמישע לשון, וואָס יידן האָבן גערעדט אין ארץ־ישראל אין דער צייט פֿון די תנאים, פֿון די אַמוראים. דאָס גע־רעדטע אַראַמיש איז אין גאַנצן אַנדערש געווען פֿון דעם אַמאָליקן אַראַמיש, פֿון דער סורסי־שפּראַך, וואָס אויף איר איז דער תנך געווען אי־בערגעזעצט. ס'איז געווען אַ פּרייע, נישט מסורה־איבערזעצונג. רבי האָט גערעדט וועגן דער סורסי־איבערזוצנג פֿון תנך, וואָס ער האָט זי געהאַלטן פֿאַר איבעריק אינעם פֿאַרגלייך מיטן אָריגינאַל און מיט עקי־לאַסעס גריכישער און פּינקטלעכער איבערזעצונג. דאָס האָט אָבער גאָרנישט צו טאָן מיט דער גערעדטער שפּראַך, מיט דער אַרמיש־עברית. ווען אַראַמיש וואָלט ביי די תנאים און אַמוראים געווען אַ מיאוסער זשאַר־גאָן, וואָלט דער אמורא ר' יונתן דבית גוברין נישט אויסגערעכנט צווישן די פֿיר שענסטע שפּראַכן פֿון דער וועלט: „עברית לדיבור״, אַראַמיש צום רעדן.

די יידיש־קעגנערס וועלן אָנווייזן, אַז מיר האָבן געהאַט נאָך שפּראַכן — פּערסיש, גריכיש, אַראַביש, שפּאַניאָליש, פֿראַנצייזיש. אמת, מיר האָבן אָבער די אַלע לשונות נישט דערהייבן צו נאַציאָנאַלע יידישע שפּראַכן. ביז דע־ראָסין, ביז דעם 16טן יאָרהונדערט, האָבן מיר אַפֿילו נישט געוואוסט, צי דער יידיש־גריכישער פֿילאָסאָף, פֿילון פֿון אַלעק־סאַנדריע, האָט איבערגעלאָזט ביכער. אַראַביש איז פּונקט אַזאַ שוועס־טער־שפּראַך פֿון העברעאיש, ווי אַראַמיש. אַראַביש האָט בלויז געוועקט ביי יידישע דיכטערס און דענקערס „קנאת־סופרים״, זיי געטריבן צו פֿאַרטיפֿן זיך אין רעליגיעזע פֿילאָסאָפֿיע, אין תנך, אין דיקדוק. מער נישט! שפּאַניאָליש, וואָס יעדער שפּאַניער פֿאַרשטייט נאָך היינט, ווייל יידן האָבן עס קיין מאָל צו קיין אייגן לשון, אַ יידיש לשון, נישט דער־הייבן. און כאָטש שפּאַניאָליש האָט אַחוץ דעם נאָמען לאַדינאָ — לאַטיין

— אויך אַ יידישן נאָמען — דזשודעזמע — האָט עס אַחוץ עין־הרע, אָפּשפּרעכענישן, קמיעות, צענדלינגער וויג־לידער, אַ צענדלינג באַלאַדעס, קיין זאַך נישט געשאַפן, נישט באַרייכערט די יידישע קולטור.

ווי מיר זעען, קען דאָ קיין רייד נישט זיין פון נאַציאָנאַלע שפּראַכן, ביז מיר קומען צו יידיש. פרעגט זיך — וואָס פאַר אַ יידן זיינען דאָס געווען די טאַטעס פון דעם היינטיקן יידיש? דאָס זיינען געווען מענטשן מיט אַ סך יידישער קולטור. זיי האָבן אין זיך געטראָגן די ירושה פון תנך, פון דער גמרא, פון די בבלישע גאונים. די גרויסע מאַסע פון די אַשכנזים האָט קיין מאָל נישט איבערגעריסן מיט איר אייגענער פאַר־גאַנגענהייט, ווייטער געשאַפן די אַלטע קולטור, דעם המשך פון ארץ־ישראל און בבל, ווען די ספרדים האָבן פרעמדע גערטנער געהיט. דער דייטשישער ייד פון 15טן, 16טן און 17טן יאָרהונדערט, דער פּוילישער ייד ביזן 20סטן יאָרהונדערט — דאָס אַלץ איז איין המשך פון דעם בבלישן ייד.

דער פּוילישער ייד איז נישט בלויז דער אמתער יורש פונעם בבלישן ייד, נאָר אויך דער איינציקער יורש פון נוסח אַשכנז. און נוסח אַשכנז, ווי ס׳פּוילישע לומדות, האָט נישט געזוכט קיין דאָגמעס אין גלויבן. דער שכל — האָט ער געמעגט זיין שאַרף ווי אַ חלף — האָט נישט געוואָלט הערשן איבער דער פאָלקס־פאַנטאַזיע. נישט אַלץ איז געווען דער האַרבער דין. גרויס אָנזען האָט אין אַשכנז, אין פּוילן, געהאַט דער מינהג. און מינהג — דאָס איז פאָלקס־שאַפן, פאָלקס־פאַנטאַזיע. אַ מינהג פּענטעט נישט ווי אַ דין. דעריבער טאַקע האָט נוסח אַשכנז, אין די יונגע, שאַפערישע יאָרן, קיין „שולחן ערוך” נישט געשאַפן און נישט געוואָלט שאַפן. מען האָט זיך געצירט אין מצוות, אָבער נישט אין עיקרים.

נישט בלויז די ישיבות אין פּויזן, אין לובלין, נישט בלויז די ישיבות אין וואָלאָזשין, אין סלאָבאָדקע, נאָר אויך די צישאָ־שולן, דער ייוואָ־אינסטיטוט, אונדזערע יידיש־שולן, אין די פאַראייניקטע שטאַטן — דאָס אַלץ איז איין המשך פון סורא און פּומבדיתא.

גרויסע מענטשלעכע פּשטות, טיפער גלויבן, וואָס ווייס נישט פון קיין פּענטעס — דאָס איז נוסח אַשכנז, דאָס איז נוסח פּוילן.

אָט די יידן זיינען געווען די טאַטעס פון היינטיקן יידיש. זיי זיינען געקומען נישט בלויז פון ראָמאַנישע לענדער. זיי זיינען אויך געקומען

פון פערסיע. און ווען? אינעם יאָר 690. ווען די אַראַבער זיינען באַפאַלן פערסיע און זי צעקלאַפּט זיינען יידן אין די טויזנטער געלאָפן קיין דייטשלאַנד און האָבן שוין דאָרטן אָנגעטראָפן יידישע ישובים. זיי האָבן גערעדט פערסיש, גערעדט פראַנצייזיש, גערעדט איטאַליעניש. לאַטיין האָבן זיי פיינט געהאַט, עס גערופן „גלחות" (גלחים לשון), ווייל ס'האָט געהאַט צו טאָן מיט קריסטנטום. און קריסטנטום איז פאַר יידן געווען — גזירות, רדיפות, שייטערהויפנס און קדוש־השם. דער ייד, וואָס איז אַריבערגעקומען אין דער רייניש־פראַנקישער געגנט איז געשטאַנען העכער, איז געווען קולטורעלער פונעם דייטש. ער האָט זיך נישט באַדאַרפט אַסימילירן. דער ייד איז אויך געווען וועלטלעכער פונעם דייטש. ער, דער ייד, האָט דאָס מיטגעבראַכט קיין דייטשלאַנד די פראַנצייזישע ריטער־ראָמאַנען און העלדן־עפּאָסן — די אַלע „טריסטאַנס און איזאָלדעס", די אַלע „פּאַרסיוואַלן". מיר יידן זיינען געווען די קולטור־טרעגערס פון דער ריינער אַרישער קונסט, פונקט ווי מיר זיינען געווען די קולטור־טרעגערס פונעם אַראַבישן רענעסאַנס אין מיטלעלטער. אָט די יידן, אונדזערע עלטער־זיידעס, זיי האָבן יידיש דערהייבן צו אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך.

און אַז מען לייענט ביי די דייטשיש־יידישע געלערנטע פון צונצן ביז גרעצן, אַז די דייטשישע יידן האָבן גערעדט דייטש און אויב זיי האָבן אָנגעהויבן „מאושלען", רעדן דעם מיאוסן זשאַרגאָן, זיינען אין דעם שולדיק די פוילישע יידן, ווילט זיך בלויז לאַכן. דערמיט האָט מען אויף אַ „מה יפית"־שטייגער געוואָלט אונטערשטרייכן דעם יידיש־דייטשישן פּאַטריאָטיזם. און דאָס איז געוואָרן אַ מכת־מדינה. דער געלערנטער הרכבי פון פּעטערבורג האָט אויך אויפגעוויזן, אַז יידן אין רוסלאַנד האָבן אין 16טן יאָרהונדערט גערעדט רוסיש, נישט קיין יידיש און די מאַדאַם צענטנערשווער האָט אויפגעוויזן, אַז יידן אין פּוילן האָבן גערעדט פּויליש, נישט קיין יידיש.

די טענות נעמען זיך אי פון עם־האַרצות, אי פון רשעות. מען רעדט שוין יידיש איבער טויזנט יאָר. יידיש האָט זיך אָנגעהויבן דעמאָלט, ווען דער אַנאָנימער קינסטלער האָט געוואָלט אַריבערטראָגן און איבערגיסן אין יידיש דעם קלאַנג און ריטעם פון העברעאיש־אַראַמיש. און ער האָט דאָס געטאָן ביי דער ערשטער געלעגנהייט. ווי אַזוי מיינט איר האָט דער אַנאָנימער קינסטלער איבערגעזעצט: „מלך ימלוך"? נישט,

דער קינג וועט הערשן"„ נישט „דער קיניג וועט רעגירן", נאָר „דער קיניג וועט קיניגן", כאָטש אין דייטש איז נישטאָ אַזאַ וואָרט, נישטאָ אַזאַ ווערב ווי „קיניגן". און „דער קיניג וועט קיניגן" איז שוין נישט קיין דייטש, דאָס איז שוין יידיש. און ס'איז שוין אויך נישט קיין איבער־זעצונג, ס'איז אָריגינעלע שאַפונג.

ווען איז דאָס געווען?

דאָס איז געווען מיט טויזנט יאָר קריק, ווען פוילן האָט נאָך נישט געהאַט קיין ליטעראַטור, ווען רוסלאַנד האָט נאָך נישט געהאַט קיין ליטעראַטור. מען האָט די דייטשישע דיאַלעקטן איבערגעשמאָלצן, אי־בערגעאַרבעט. מען האָט זיי געיידישט. מען האָט אַריינגעבראַכט אין יידיש אַ שלל מיט נייע ווערטער און באַגריפן. כ'מיין די העברעאיש־אַראַמישע האַנדלס־טערמינען און סחורות־באַצייכענונגען, וואָס זיינען געווען באַקאַנט וואו נאָר יידן האָבן געפירט מסחר. מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז דער יידישער גרויסהאַנדל מיטן וויטן־מזרח איז געגאַנגען דורך דייטשלאַנד און סלאַווישע לענדער.

אָבער פון די צוגעקומענע ווערטער איז נאָך נישט געוואָרן קיין יידישע שפּראַך. מען האָט די העברעאישע און דייטשישע עלעמענטן געדאַרפט צונויפפאָרן און איבערשמעלצן. און מען האָט עס געטאָן. און נישט בלויז ווערטער זיינען צוגעקומען, נישט בלויז די אויסשפּראַך איז געוואָרן אַן אַנדערע, נאָר די קאָנסטרוקציע און דער זאַצבוי, דער גאַנצער סינטאַקס האָט זיך געענדערט.

דאָס אַלץ איז אָבער נאָך נישט גענוג געווען יידיש זאָל זיך אַרויס־רוקן און ווערן אַ פּראָגרעסיווע שפּראַך. צווישן שפּראַכן זיינען אויך פאַראַן צוריקגעשטאַנענע און פּראָגרעסיווע. דערצו האָבן ווידער היס־טאָרישע כוחות צוגעשפּילט. ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז די גרויסע מערהייט פונעם יידישן פאָלק האָט זיך געפונען אין איין לאַנד, אין פוילן. דורות־לאַנג האָבן יידן דאָרט געהאַט קולטורעלע און פּאָליטישע אוי־טאָנאָמיע. כ'מיין דעם „ועד אַרבע אַרצות", וואָס האָט געהאַט צו זאָגן איבער גרויסן־פוילן, ווייסרוסלאַנד, וואָלין און אַפילו ליטע. דאָ אין פוילן האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ נייער טיפּ ייד, אַ טיף נאַציאָנאַלער, וואָס האָט איבערגעשטיגן דעם מזרח־ייד, דעם ספרדישן און אַראַבישן. און דער דאָזיקער גאַנצער ייד פון דעם בעל־מלאכה, פון דעם בעל־עגלה, פון דעם סוחר ביז דעם למדן, אַלע האָבן זיי זיך אויסגעלעבט

אין יידיש. די „צאינה וראינה" — ס'טייטש־חומש פון דער יידישער פרוי — איז געווען דער השמך פון אַמאָליקן מדרש, נאָר אין יידיש. דער „נחלת־צבי" איז דער „זוהר" אין יידיש. דערצו האָט אונדזער מאַמע קיין אַנדער לשון נישט געהאַט. אונדזער מאַמע האָט זיך אויסגעוויינט איר האַרץ אויף יידיש, האָט אונדז איינגעוויגט מיט „ראָזשינקעס און מאַנד־לען", האָט פאַרפלאַנצט אין אונדז ליבע און איבערגעגבנקייט צום פאָלק.

דאָ אין פוילן און אין דער שכנישער טשעכיע איז יידיש רייכער געוואָרן, האָט צוגעקראָגן דעם סלאַווישן עלעמענט, ווי: כאָטש, נעבעך, כריין, קרעטשמע. פיל וויכטיקער איז געווען די השפעה פון סלאַוויש אויף דער יידישער גראַמאַטיק, וואָס מען דערקענט אין דעם סינטאַקס און אַפילו אין פראַזעס און ווערטלעך.

כ'האָב פריער געזאָגט, אַז ס'זיינען דאָ פּראָגרעסיווע שפּראַכן און צוריקגעשטאַנענע. די ראָמאַנישע שפּראַכן, וואָס האָבן אין פּראָצעס פון אַנטוויקלונג אָפּגעוואָרפן די בייגונגען פון זאַכווערטער (סובסטאַנטיוון), אָפּגעוואָרפן דעם דריטן מין, זיינען, אין פאַרגלייך מיט לאַטיין, פּראָ־גרעסיווע שפּראַכן. יידיש וואָס האָט אָפּגעוואָרפן די בייגונגען פון זאַכ־ווערטער, אָפּגעוואָרפן דעם אימפּערפעקט, איז אין פאַרגלייך מיט דייטש, אַ פּראָגרעסיווע שפּראַך. יידיש האָט אויך אַרויסגעשטופּט אַנדערע פאַר־מען, האָט זיך באַפרייט פון דייטשישע פּענטעס, פון וואָרט־שטעלונג, פון איבעריקע פאָרמען, וואָס מיר געפינען נאָך אין אַלט־יידיש. פון אַ סינ־טעטישער שפּראַך איז יידיש געוואָרן אַן אַנאַליטישע, אַ פּראָגרעסיווע, ווי פראַנצייזיש, ווי איטאַליעניש, ווי שפּאַניש, ווי ענגליש.

יידיש איז אַריין אין דער משפּחה פון פּראָגרעסיווע שפּראַכן סוף 17טן יאָרהונדערט, ווען סטראַדיוואַריוס האָט געגעבן דער וועלט זיין פידל. אָבער אַ סטראַדיוואַריוס־פידל איז נאָך נישט גענוג. מען דאַרף נאָך האָבן ווירטואָזן, מען דאַרף האָבן קינסטלערס, וואָס זאָלן אַרויס־ברענגען די באַהאַלטענע כוחות פון דער סטראַדיוואַריוס־פידל. און אַזוינע ווירטואָזן, אַזוינע קינסטלערס, האָבן זיך באַוויזן — פריער די וואַנדער־זינגערס, וואָס האָבן „געזונגען און געזאָגט" דאָס זאָגן איז גע־ווען אַ זינגעוודיק לייענען. בלויז יידן איז דאָס זאָגן פאַרשטענדלעך, וואָרעם ביי אונדז יידן זיינען נאָך היינט־צו־טאָג פאַראַן חזנים וואָס „זינגען" און אַנדערע וואָס „זאָגן".

דערנאָך זיינען געקומען אַנאָנימע ווירטואָזן — דאָס חסידות, דער

יידישער אַרבעטער — וואָס האָבן געגעבן יידיש: נשמה, מוח, פּראַצע. דער אַרבעטער האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט תּפילות, מיט ווייבערשע תּחינות, מיט חסידישע מעשיות. דער יידישער אַרבעטער האָט גע־דאַרפט אַרבעטער־קולטור אויף יידיש. דער יידישער אַרבעטער האָט געוואָלט און געמוזט זיך אויסלעבן אין יידיש. מיט דער הילף פון יידישן וואָרט האָט דער יידישער אַרבעטער גענומען איבערבויען די וועלט אויף סאָציאַליסטישע יסודות. אַ דאַנק דעם אַרבעטער באַווייזט זיך ווידער ס׳יידישע בוך, ס׳וועלטלעכע, אַ גליד־גליד־געשוועסטערקינד פון דעם יידיש־וועלטלעכן „שמואל־בוך" פון 14טן יאָרהונדערט.

דערנאָך זיינען געקומען די קינסטלערס פונעם גרויסן פאָרנעם — מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם — וואָס האָבן צוגעגעבן יידיש וואָגיקייט, פאַנטאַזיע, צוגעגעבן שעפערישע מעגלעכקייט און חשיבות, צוריקגע־בראַכט אַ טייל פון דער אָפּגעפרעמדטער און פאַרוואָרלאָזטער אינטעלי־גענץ. און איבער די קינסטלערס, איבער דעם ברייטן פונדאַמענט הייבן זיך וועגט העכער און העכער. ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקע געביידע מיט ליכטיקע שפּיצן טיף אין די וואָלקנס. די ליכטיקע שפּיצן באַלויכטן יעדן יידישן ישוב פון איבער דער גאַנצער וועלט.

דאָס זיינען דער צווייטער דור קינסטלערס נאָך די קלאַסיקערס, די „יונגע" פון אַמעריקע, דער דריטער דור, דער פערטער, די יידיש־פאָרשערס.

יידיש איז געוואָרן אַ וועלטשפּראַך. ווייל יידן זיינען אַ וועלטפאָלק. און נישט פון היינט איז יידיש געוואָרן אַ וועלטשפּראַך. אין 1750 האָט פּראָפעסאָר קרייזאַנדער, אַ קריסט, געשריבן: „מיט יידיש קען מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט".

די געשוואָרענע בכינים, וואָס ציען זייער חיונה פון יידיש און זייערע שטיבער זיינען יידיש־ריין, ווייל זייערע קינדער פאַרשטייען נישט קיין וואָרט יידיש און קיין וואָרט העברעאיש, זיי זיינען צו פרי אַרויס מיטן געשריי: „יידיש גייט אונטער".

יידיש און די יידישע ליטעראַטור גייען נישט אונטער. און מיר יידן אַוודאי און אַוודאי נישט. דער תּירוץ אַז ס׳יידישע רעליגיעזע לעבן האָט אונדז אויפגעהאַלטן, איז בלויז אַ האַלבער תּירוץ. אין אַ סך תּקופות פונעם דריטהאַלבן טויזנטיאָריקן גלות האָבן מיר קיין מצוות פונקט אַזוי נישט אָפּגעהיט, ווי מיר היטן זיי היינט נישט אָפּ. ס׳איז

אַ טעות, אַז דער דייטשישער פּרומער ייִד פון 16טן יאָרהונדערט, דער פּוילישער פרומער ייִד פון 16טן יאָרהונדערט, איז געווען דער טיפּ ייִד פון אַלע תקופות און פון אַלע לענדער. אין דער צייט פון די בעלי־תוספות, די אמתע טאַטעס פון די שפּעטערדיקע „שולחן ערוכס", איז אַזאַ וויכ־טיקע מצווה ווי לייגן תפילין, כמעט ווי נישט אָפּגעהיט געוואָרן. דורות פריער האָבן די גאונים פון בבל זיך געקלאָגט, אַז ייִדן זיינען נישט מלע די קינדער, אַז זיי טרייבן זנות.

נעמט די אַפּיקורסישע, אַנטי־רעליגיעזע באַוועגונג אין בבל, וואָס איר אָנפירער איז געווען חווי אל־בלכי. די באַוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט מער פון אַ העלפט פונעם דעמאָלטדיקן ייִדנטום. בלעטערט די שו"ת. רבנים קלאָגן זיך אַז מיר גייען אונטער, מען איז ווייט פון דער ייִדישער אמונה.

און דאָך זיינען מיר געבליבן לעבן. פרעגט זיך: וואָס האַלט אונדז אויף? אין זאַך דאַרף מען געדענקען — בשעת מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזער מלוכה, האָבן די גאַנצע ייִדן צווישן אונדז, די פאַרפאַנצערטע ג(ו)ן אונטערגאַנג, נישט פאַרלאָרן די קאָנסטיטוציע פון אונדזער מלוכה. און דאָס האַלט אונדז שוין אויף דריטהאַלבן טויזנט יאָר. דאָס האָט אונדז געגעבן אַ ייִדישן פּרצוף, אַן אייגענעם איך. געגעבן דעם כוח צו שאַפן אייגענע לשונות, צו שאַפן ייִדיש, וואָס ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן פון די 17 מיליאָן ייִדן, 15 מיליאָן גערעדט און פאַרשטאַנען ייִדיש. ייִדיש איז נישט בלויז שפּראַך, ס'איז אויך „ייִדישלאַנד", ס'איז אויך ייִדישע אמונה. ווייל אַלע דריי נאַציאָנאַלע לשונות — העברעאיש, אַראַמיש, ייִדיש — טראָגן אין זיך די קאָנסטיטוציע פון אונדזער לאַנד, טראָגן אין זיך אויך די ייִדישע אמונה, וואָס מיר האָבן ביי קיינעם נישט איבערגענומען. זי איז געוואַקסן און וואַקסט מיטן פאָלק און מיט זיינע דורות. און יעדער דור שאַפט זיך זיין ייִדישקייט, אַנדערש וואָלטן מיר נישט געהאַט קיין היסטאָרישע ייִדישקייט. אַנדערש איז עס געווען ביי די אומות העולם. פעלקער מיט אַנטוויקלטע קולטורן — גריכן, רוימער — האָבן איבערגענומען נייע גלויבנס. דעריבער זיינען די איבערגענומענע אמונות ביי די אומות העולם — אַנטינאַציאָנאַל. ביי אונדז ייִדן איז עס דער היפּוך, ווייל אינהאַלטן זיינען לויט זייער עצם נישט נאַציאָנאַל.

ייִדישקייט און ייִדישע אמונה זיינען געווען איינס־און־דאָס־זעלבע עטלעכע טויזנט יאָר. פּונקט אַזוי זיינען ייִדיש און ייִדישקייט געווען

און זיינען סינאָנימען שוין אַ טויזנט יאָר. און יידיש, וואָס טראָגט אין זיך דעם אמונה־כוח פון יושר און צדק, האָלט אונדז פונקט אַזוי אויף, ווי ס׳רעליגיעזע לעבן האָט טיילווייז געהאָלפן אויפהאַלטן די יידן אין מיטלעלטער ביזן סוף פון 18טן יאָרהונדערט. און דאָרט וואו יידיש איז אין דער גולה אונטערגעגאַנגען, איז פון העברעאיש קיין זכר נישט געבליבן. און זאָל עס דאָ געזאָגט ווערן — יידיש האָט אַ סך געהאָלפן העברעאיש זאָל קריק אויפגעלעבט ווערן. העברעאיש איז קריק געוואָרן שעפעריש, ווען דער זיידע, מענדעלע, האָט אין העברעאיש אַריינגע־בראַכט דעם יידישן שטייגער, דעם יידיש־קנייטש און איבערהויפט די יידיש־נשמה און מיטן יידיש־שם־המפורש, איז העברעאיש אויפגעשטאַנען תחית־המתים.

אומעטום וואו מען האָט נאָר גערעדט יידיש, אַפילו אין די ענגסטע און פינצטערסטע געטאָס, זיינען מיר אַלץ פאַרבליבן די „בני מלאכים שגלו מעל שולחן אביהם״ (די בני מלאכים וואָס זיינען פאַרטריבן גע־וואָרן פון זייער פאָטערס טיש).

דער גלות האָט נאָך גרויסע רעזערוואואַרן, האָט כוחות און התלהבות, וואָס קען אויפהאַלטן דורות און וואָס העלפט בויען ארץ־ישראל. אָן דער גולה וועט ארץ־ישראל נישט געבויט ווערן. מען הייבט שוין אין ישראל אָן צו פאַרשטיין, אַז דער שפּראַכן־קאַמף איז אָן אומזין. מיר דאַרפן ליב האָבןביידע לשונות. און ביים ערשטן נייעם אָפּקלייב פון יידיש־שאַפן, וועלן יידיש און העברעאיש גיין האַנט־אין־האַנט, ווי אַראַמיש און העברעאיש זיינען געגאַנגען און גייען האַנט ביי האַנט ביזן היינטיקן טאָג.

ביי מיר איז יעדער יידיש־צוזאַמענקום, איז דער היינטיקער צוזאַ־מענקום — פרייד און געזאַנג. אָן איינזאַמער בוים געטריבן פון אַ ווינט איז אַ טעמע פאַר אַ ליריקער. ס׳איז אָבער דאָ אַן אַנדער ליריק, נישט פון קיין יחיד, נאָר פון אַ גאַנץ פאָלק, ווען די נשמה פון אַ גאַנץ פאָלק שווייגט, ווי ס׳שווייגט דער שווערער, פינצטערער „כותל מערבי״, ווערט די ליריק געבאָרן פון אַ פאָלק פאַטאָס. די ליריק איז די גאַנצקייט, דער אַמאָליקער, יידישער „אחד״, וואָס פאַרזיכערט, אַז ס׳שטייט אַ יידישע וועלט, ס׳שטייט אַ וועלט־געביידע, וואו יעדער יחיד איז אַ פעסטער ציגל, אַ לעבעדיקער ציגל. יעדער איינער פון אונדז דאַרף טראָגן אין זיך די אַחריות, דעם כוח, וואָס שאַפט אַ פאָלק, וואָס היט דעם יחיד פון אונטערגאַנג.

# הינטצייטיקייט אין דער יידישער דערציאונג

פון
ז. יעפרויקין

## א



מיר קומען זיך היינט צונויף צום זעכצנטן מאָל אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער־רינג־שולן. שוין איבער 32 יאָר ווי די מערהייט פון אונדז האָט זיך בלב ונפש אָפּגעגעבן דער יידישער שול, דער יידישער דערציאונג דאָ אין לאַנד. אַ סך פון אונדז האָבן נאָך אויף יענער זייט ים פאַרבונדן אויף אייביק זייער גורל מיט דער יידישער קולטור, מיט דער יידישער שול.

מיר האָבן געהאַט די זכיה צו זיין אַ טייל פון די דורות וואָס האָבן דעם יידישן ביטחון און די יידישע האָפענונגען, וואָס האָבן געלעבט אין הימל, אַראָפּגעבראַכט אויף דער ערד, מיר האָבן אַריינגעבלאָזן אין זיי אָטעם און זיי פאַרבונדן מיט רעאַלע כוחות. מיר האָבן אונדזערע האָפענונגען געשטיצט אויף דער ערד און אונדזער אמונה אויפן פאָלק.

מיר האָבן געזאָגט: „אונדזער גורל איז אין אונדזערע אייגענע הענט״. מיר האָבן זיך אַליין געשטעלט אין קאַמף פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אונדזער חשיבות, די חשיבות פון דעם עלטסטן פאָלק, פון דעם פאָלק וואָס האָט אַזוי פיל געגעבן דער וועלט און אַזוי ווייניק געקראָגן פאַר זיך.

מיר זיינען געווען פון די דורות וואָס האָבן דערהערט דעם רוף צו

בויען פאַר זיך מיט אייגענע כוחות אַ ניי פריי לעבן, מיר האָבן דער־הערט דעם רוף שטאָלץ און מוטיק אויפצוהייבן אונדזערע קעפּ און צו קוקן דער וועלט, אָן מורא, גלייך אין פּנים אַריין. מיר האָבן דעם רוף דערהערט און אים געפאָלגט.

מיר האָבן געהערט צו די דורות יידן, וואָס האָבן ניט געוואָלט לעבן פון קולטור־שיריים, וואָס מען וואַרפט צו פון פרעמדע טישן, וואָס האָבן אַפילו ניט געוואָלט זיין קיין אורחים ביי פרעמדע קולטור־טישן, נייערט שאַפערס און באַשאַפערס פון אייגענע גייסטיקע ווערטן. אונדזערע דורות האָבן געזאָגט צוזאַמען מיט י. ל. פרץ:

„געטע איז אימפּאָטענץ. מען זאָל אַרויס פון געטאָ, נאָר מיט
אייגענעם גייסט, מיט אַן אייגן גייסטיק פאַרמעגן און טוישן;
געבן און נעמען, נישט בעטלען".

און ווייטער:

„איין פאָלק יידן, זיין שפּראַך איז יידיש און אין דער שפּראַך ווילן מיר אונדזער אוצר זאַמלען, אונדזער קולטור באַשאַפן, אונדזער נשמה וועקן און קולטורעל זיך פאַראייניקן צווישן אַלע לענדער און אין אַלע צייטן".

און געוואָרן איז יידיש די שפּראַך פון דער אַלט־נייער יידישער קולטור, ווען, ווי י. ל. פרץ האָט עס ריכטיק אונטערגעשטראָכן,

„עס באַווייזט זיך דער יידישער אַרבעטער, דער יידישער
פּראָלעטאַריאַט און שאַפט זיין אינסטרומענט פאַרן קאַמף פאַר
זיין לעבן".

אַזוי האָט זיך געשאַפן אַ זיווג צווישן דער יידישער שפּראַך און דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס.

אַזוי איז די יידישע באַפרייאונג, צי אין די תפוצות, צי אין ארץ ישראל, פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. אָן דעם אידעאַל איז ניטאָ קיין האָפענונג פאַר אונדז ווי יחידים און ווי אַ פאָלק. זיין פאַרווירקלעכונג וועט ברענגען די לאַנג געגאַרטע גאולה פאַר אונדז יידן און פאַר דער גאַנצער וועלט.

לאָמיר געדענקען אַז די אידעע פון סאָציאַליזם איז געווען די טרייב־קראַפט פון אַלע אונדזערע מאָדערנע באַוועגונגען, זי האָט אויך געגעבן אימפּעט און כוח דער מאָדערנער יידישער קולטור, דער מאָדערנער יידיש־וועלטלעכער שול. מיט סאָציאַלן אומרו — אַזוי ווי די רייד

פון די נביאים — איז אַנגעלאָדן אונדזער מאָדערנע יידישע ליטע־ראַטור. דער סאָציאַליזם האָט באַשאַפן באַגייסטערונג און געגעבן אַן אוניווערסאַלן אויסבליק אַלע אונדזערע באַוועגונגען. די אידעע פון סאָציאַליזם האָט געפירט דעם יידישן פאָלקס־מענטשן צו העלדישע טאַטן, פאַר זיין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג.

אין דעם פּרט זיינען מיר געגאַנגען מיטן אַלטן יידישן דרך, האָבן מיר ווייטער געשפונען די יידישע טראַדיציע. אויך דער אַלטער ייד האָט געלעבט מיט אַן אוניווערסאַלער אידעע, מיט דער משיח־אידעע וואָס האָט פאַרשפּראָכן קומעדיקן גליק ניט נאָר פאַר די יידן, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

נאָך אַ זאַך האָט אונדזערע דורות פאַראייניקט מיט די אַמאָליקע.

דער אַמאָליקער ייד האָט קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו קוקן אויף אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע גלידער זיינע ווי אויף איין פאָלק. אמת, ישראל און די תורה איז ביי אים געווען איינס. אָבער דאָס לייקנט ניט אָפּ דעם פאַקט, אַז ער האָט זיך באַטראַכט ווי אַ וועלט־פאָלק און דאָס פאָלק, ווי דער טרעגער פון דער תורה (אויפן היינטיקן לשון — קול־טור), איז ביי אים געשטאַנען העכער פון אַלץ.

ווי י. ל. פרץ האָט דאָס אויסגעדריקט אין אונדזער צייט:

„יידישקייט איז ניט לאַנד און ניט שפּראַך. אָן יידישקייט

און ניט צוליב יידישקייט איז עס געצן־דינעריי, עבודה זרה“.

אויך פאַר אונדז מאָדערנע יידן איז דאָס יידישע פאָלק געווען אַן „אחד“. אויך מיר האָבן געגלייבט אין זיין עקסיסטענץ אומעטום, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען. מיר האָבן געוואוסט ווי דאָס האָט אָפּט גע־טראָפן אין אונדזער געשיכטע — אַז איינצעלנע גלידער קען די אָפּט אַכזרישע וועלט פון אונדז אָפּרייסן, אָבער ווי לאַנג עס וועלן ערגעץ וואו בלייבן יידן וועט יידיש לעבן צוריק אויפלעבן.

ווייל מיר זיינען קיין מאָל ניט געווען קיין פאָלק ווי אַלע פעלקער, ככל הגוים. מיר זיינען תמיד געווען מער ווי אַ פאָלק. מיר האָבן תמיד געטראָגן אַ וועלט־אידעע, די אידעע פון וועלט־באַפרייאונג, וועלט־דערלייזונג. איז איין מחנה אין דעם קאַמף אומגעקומען — האָט זיך באַלד באַוויזן, אַזוי ווי דורך אַ נס, אַ צווייטע מחנה, וועלכע האָט ווידער הויך אויפגעהויבן די פאָן פון יידישן לעבן. די וועלט האָט געשטוינט און געקוקט, אַזוי ווי זי וואָלט דערזען פאַר זיך דעם נס פון מחיה מתים.

ב

דער ייד ווען עס איז אים געוואָרן ענג און ביטער — אַזש מערניט אַריבערצוטראָגן — האָט תמיד געוואַרט אויף אַ נס, אַ נס מן השמים. דער נס איז געקומען, ניט מן השמים. ער האָט געשטעקט אין דער יידישער קראַפט, אין יידישער עקשנות, אין יידישן אויסדויער.

גרויסע ענדערונגען — וואָס האָבן אויסגעזעצן כמעט ווי ניסים — זיינען פאָרגעקומען אין יידישן לעבן פאַר די אויגן פון די לעצטע עטלעכע דורות און מיר ווייסן אַז זיי זיינען די יצירה פון אונדזער ווילן, פון אונדזער מוט.

מיר האָבן פאַר זיך געזען די דערוואַכונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, פוילן און ליטע. דער, ווי עס האָט אויסגעזען, דערשלאָגענער יידישער פאָלקס־מענטש, דער יידישער אַרבעטער, האָט פלוצעם דערפילט אין זיך נייע לעבנס־כוחות. עס האָט דערוואַכט אין אים דער ייד און דער מענטש. ער הייבט אָן אַ העראָאישן קאַמף פאַר זיינע רעכט אַלס מענטש און ייד. ניט ווי אַ מתנה, פאַר וועלכער מען דאַרף צאָלן דעם טייערסטן פרייז פון אויפלייזן די אייגענע געשטאַלט, די אייגענע פערזענלעכקייט, וויל ער קריגן זיין פרייהייט, נאָר דורך קאַמף, סאָלידאַריש מיט אַלע די וואָס קענען ניט פאַרטראָגן דער וועלטס אומגערעכטיקייט, סאָלידאַריש מיט אַלע אונטער־דריקטע און באַעוולטע. עס איז אויפגעקומען די מאָדערנע וועלטלעכע יידישע קולטור. אין באַהאַלטענע שטיבלעך, אויף בוידעמס און אין קעלערס, אין באַהאַלטענע וועלדער, איז אויפגעקומען דער נייער שטאָל־צער ייד, די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג, און צוזאַמען מיט איר די מאָדערנע יידיש־וועלטלעכע קולטור, די יידישע ליטעראַטור. זי איז געווען דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון נייער יידישער שעפערישקייט. זי איז געוואָרן דער שטאָלץ פון דעם יידישן פאָלקס־מענטשן, זי האָט ערוועקט אין אים גלויבן אין זיינע שאַפונג־כוחות. אָט די נייע ליטע־ראַטור האָט געעפנט אַ נייע גאָלדענע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער אַזוי רייכער יידישער שעפערישקייט. זי האָט צוגעטראָגן צו דער רייכער מיט גרויסע ספרים יידישער ביבליאָטעק נייע גרויסע אוצרות, וואָס וועלן אייביק לעבן און פאַרבלייבן ביים פאָלק, ווייל אָט די ליטעראַטור איז געווען אַ ניט־פון־דאָס־ניי־געשאַפענע. זי איז געווען אַ המשך פון די שאַפונג־כוחות פון דעם עלטסטן פאָלק.

עס איז אין אַ קורצער צייט אויפגעקומען דער אַמעריקאַנער יידישער ישוב, דער גרעסטער און קאָנצענטרירטסטער יידישער ישוב וואָס איז ווען געווען אין דער יידישער געשיכטע. אַ ישוב וואָס האָט אַנטוויקלט סיי מאַטעריעלע און סיי גייסטיקע אוצרות. אַ ישוב וואָס איז געוואָרן לכל הפחות אין פרט פון מאַטעריעלער הילף, און אָפט מאָל אויך פון פאַליטישער הילף, דער שטיצפונקט פאַר די יידן איבער דער גאָרער וועלט. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי די השגחה האָט באַזאָרגט זיין געפלאָגט פאָלק מיט אַ שטאַרקן רעזערוו פאַר אַן עת צרה, און עת צרות זיינען געווען גענוג.

און צום סוף. דער אויפקום פון מדינת ישראל. וואָלט דאָס געשען אין געוויינטלעכע רואיקע צייטן, וואָלט אויך יעמאָלט אונדזער פרייד געווען שטאַרק; עס וואָלט געווען גרויס אונדזער פרייד און אונדזער באַוואונדערונג וואָס נאָך אַן ערך צוויי טויזנט יאָר, ווען שיבת ציון האָט אויסגעזען ניט מער ווי אַ חלום, איז עס געוואָרן אַ רעאַליטעט, וואָס כאָטש אַ טייל פון אונדזער אַלטן לאַנד איז צוריק געוואָרן אונדזערס, אונדזער אייגנס.

נאָך גרעסער איז געווען די פרייד ווען דאָס איז געשען נאָך אונדזער גרעסטער קאַטאַסטראָפע, נאָך דעם חורבן פון מזרח־יידנטום, ווען אונדזערע געמיטער זיינען געווען אַזוי דערדריקט, ווען אונדזערע מענטשלעכע און יידישע געפילן זיינען אַזוי באַשפּאָט און באַשמוצט געוואָרן, ווען אַרום און אַרום איז אין אונדזער לעבן געווען אַזוי שטאָק חושך. אָט אין דער צייט האָט דער פאַקט מדינת ישראל אַ לייכט געטאָן ווי אַ ליכטיקער שטראַל, אונדז אויפגעהויבן פון אונדזער געפאַלנקייט. עס איז גרינגער און פריילעכער געוואָרן אויף דער נשמה.

מיר דאַרפן אָבער תמיד געדענקען אַז דער אויפקום פון מדינת ישראל — איז נאָר איינער פון די גרויסע געשעענישן, וואָס האָבן געטראָפן אין אונדזערע דורות. אין דעם טומל און גערויש, אין דעם הלל־געזאַנג צו דער מדינה, טאָר מען ניט פאַרגעסן אָן די אַנדערע אויפטוען פון אונדזערע דורות, אויפטוען וואָס לעבן און ווירקן אין אונדז אומעטום, וואו יידן געפינען זיך, אין די תפוצות און אין ישראל. מען טאָר אויך אויף איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז ווען עס פאַרלויפן זיך ניט פריער דער יידישער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער רענעסאַנס אין מזרח־אייראָפּע, ווען עס קומט ניט אויף די נייע ליטעראַטור, וואָס

שטאַרקט דעם דערוואַכטן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין ביי די יידישע פאָלקס־מאַסן, אין אַלע תפוצות, און ווען עס וואַקסט ניט אויף אַ שטאַרקער און אַ זיכערער אין זיך יידישער ישוב אין אַמעריקע — וואָלט ניט געקומען די מדינה. הייסט עס אַז דער יידישער ישוב אין ארץ ישראל — די מדינה — איז, ווי דאָס האָט שוין פריער געטראָפן אין דער יידישער געשיכטע אַ שאַפונג פון גלות, פון גלות־יידן.

ניט נאָר דעם מאַטעריעלן יסוד פון דער מדינה האָט געשאַפן דער גלות, נאָר אויך זיין גייסטיקן.

ריכטיק פרעגט ד״ר שמעון ראַווידאָוויטש אין איינעם פון זיינע אַרבעטן: „ווער האָט אָבער אַרויפגעבראַכט די גרויסע שעפערישע רע־וואָלוציע אין העברעאיש? דאָך ניט ארץ ישראל, נאָר דער גלות פון 18טן און 19טן יאָרהונדערט, די השכלה־קרייזן פון דייטשלאַנד, גאַליציע, איטאַליע און דער עיקר פון ליטע, פוילן, רוסלאַנד״.

ג

מיר דאַרפן געדענקען און קיינער טראַכט ניט אַנדערש, די מדינה איז ניט קיבוץ־גליות. דער גרעסטער רוב פון פאָלק, 9 מיליאָן פון 10, פאַרבלייבט לעבן מחוץ לארץ.

דער פאַקט און מדינת ישראל רוקן אַרויס פאַר אונדז אַ סך פראָ־בלעמען. אין דער ערשטער ריי: ווי זאָלן מיר איצט דערציען אונדזערע קינדער? זאָלן מיר זיי דערציען, אַז אַ ייד זיין קען מען נאָר אין דער מדינה און ווער עס וויל באמת לעבן ווי אַ ייד און אויפפירן זיך ווי אַ ייד, מוז עולה זיין קיין ישראל — און דאָ אין די תפוצות איז אַלץ פאַרלאָרן?

זאָלן מיר זיך צוהערן צו די וואָס האָבן — ווי, למשל, ד״ר יעקב קלאַצקין — אין משך פון די לעצטע פופציק יאָר געהאַלטן אונדז אַריינשרייען אין אויער — און טוען עס נאָך איצט — אַז אַ יידיש נאַציאָנאַל לעבן אין גלות איז ניט מער ווי אַ סוראָגאַט, וועלכער איז אפשר געווען באַרעכטיקט ווי אַן איבערגאַנג־צושטאַנד, ווי לאַנג עס האָט געלעבט די האָפענונג אויף מלכותשער גאולה, ווי לאַנג עס איז געווען די נחמה אַז מען וועט פון גלות זיך סוף־כל־סוף באַפרייען און קענען לעבן ככל הגוים, מיט לייטן גלייך. און איצט, ווען די מלוכה־פאָרעם איז שוין דאָ, מוז מקוים ווערן די פינצטערע נבואה, אַז אַ פאָלק

וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט צווישן פעלקער און לענדער, מוז פריער אָדער שפּעטער דורך זיי איינגעשלונגען ווערן, אַז יידישקייט אין גלות איז ניט מער ווי אַ בית־עלמין יידישקייט.

פּטור געוואָרן פון גלות־הויקער. ברוך שפּטרני. אויס. די וואָס האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען, אָדער די וואָס וועלן האָבן שכל באַ־צייטנס זיך צו ראַטעווען אין דער מדינה — די וועלן פאַרבלייבן. די אַנדערע וועלן מוזן אומקומען אָדער פון רוצחישע הענט (די געפאַר אויפן יידישן נפש לויערט דאָך תמיד און אומעטום) אָדער פון דעם גיפט וואָס די אַסימילאַציע־שלאַנג לאָזט תמיד פון זיך אין אַלע תפוצות.

זאָלן מיר אַזעלכע מחשבות אַריינגעבן אונדזערע קינדער? זאָלן מיר די בייזע געדאַנקען ברענגען צו די קומעדיקע יידישע דורות דאָ אין לאַנד?

זאָלן מיר צוזאַמען מיט די טעאָרעטיקערס פון אַלגעמיינעם פּאָלי־טישן ציוניזם און אַזוי ווי עס טראַכט און פילט אַ גרויסער טייל פון דער מדינה — זאָגן אַז מיט דעם אויפקום פון דער מלוכה איז אַ ייד דער, וואָס זיין פאָטערלאַנד איז ארץ ישראל און זיין שפּראַך איז העב־רעאיש, ווייל די אַטריבוטן פון ייִד זיין זיינען איצט — אַ דאַנק דער מדינה — ריין וועלטלעכע, ניט קיין רעליגיעזע און אַפילו אויך ניט קיין קולטורעלע. זיי זיינען: ארץ און לשון. אָט אַזוי ווי ביי אַלע פעלקער. און אַז דער מדינה־גייסט קען ניט זיין אַזוי ספּיריטואַליס־טיש־אידעאַליסטיש ווי דאָס איז געווען אין די תפוצות. גייסטיקייט, אידעאַליזם איז אַ סימן פון דעם גלות־ייִדן, ווי דאָס וויל האָבן דער ארץ ישראל געלערנטער מלמד. זאָלן מיר דאָס אָננעמען? זאָלן מיר זיך צוהערן צו אַ סך חשובע ציוניסטישע דענקערס וואָס האַלטן אין איין זאָגן אונדז: אין דער מדינה — נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט, אין די תפוצות — נאַציאָנאַלער טויט און דעריבער דאַרף דער ייִדישער שריי־בער צוליב דעם העכערן, שוין דערגרייכטן נאַציאָנאַלן ציל, ברענגען צו דער עקידה די ייִדישע שפּראַך?

מיר דוכט זיך אַז דער ענטפער אויף די אַלע פראַגעס איז אַ קלאָ־רער. ניין, און נאָך אַ מאָל, ניין! קיין אַנדער ענטפער קען אַ פאַרזאַמלונג וואָס פאַרנעמט זיך מיט ייִדישן חינוך ניט געבן. אַוודאי קענען מיר, וואָס האָבן יאָרן פון אונדזער לעבן, אונטער די שווערסטע תנאים, און זאָל מיר ערלויבט זיין צו נוצן דעם אויסדרוק וואָס ווערט אָפט מיס־

ברויכט און וואָס דאָ איז ער אויפן ריכטיקן אָרט — מיט דער גרעס־טער מסירת נפש — געאַרבעט פאַר דער אויפהאַלטונג און פאַרשטאַר־קונג פון דער יידישער שפּראַך, דער יידישער קולטור דאָ אין לאַנד, קיין אַנדער ענטפער ניט געבן. דערציאונג מוז זיין פּאָזיטיוו. זי טאָר קיין מאָל ניט זיין נעגאַטיוו. צו קינדער דאַרף מען קומען מיט גלויבן, מיט פרייד און האָפענונג, ניט מיט פּעסימיזם און אָפּהעטיקייט.

גלויבן אין דעם מענטשן, גלויבן אין דעם יידן, גלויבן אין דעם אַז דער ייד קען לעבן און שאַפן אין יעדן לאַנד, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען — זיינען געווען די אידעאַלן, וואָס האָבן אונדז באַגייסטערטביים אָנהייב. זיי דאַרפן אויך אויף ווייטער פאַרבלייבן אונדזערע אידעאַלן. אַניט פאַרלירט אונדזער גאַנצע אַרבעט, יעדן רעזאָן ד׳עטר. אַ לערער, אַ יידישער דערציער, דאָ אין לאַנד, קען ניט זיין קיין פאַר־ניינער פון גלות, קיין שולל הגלות. מען דאַרף אויך פאַרמאָגן, ווען מען דערציט קינדער, גלויבן אין דעם מענטשן. מען קען צו קינדער ניט קומען מיט אומצוטרוי צו זייערע שכנים צו די מיט־מענטשן. איך וויים, מען וועט זאָגן, ווי קען מען קומען צו אַ יידן און אים הייסן גלייבן אין דעם מענטשן? מיר זיינען דאָך געווען קרבנות און עדות פון דער חיה־רעה אין דעם מענטשן? די וועלט איז אויך איצט ניט פול מיט צדיקים.

אָבער איז דען טאַקע געווען נאָר חושך בימי היטלער הרשע? הערשט דען אויף דער וועלט נאָר חושך מצרים? אָט האָבן מיר דאָך אַלע געלייענט אין די צייטונגען אַז די יידן פון האָלאַנד האָבן אויפ־געשטעלט אַ דענקמאָל צו די קריסטן, וואָס זיינען געפאַלן פאַר־טיידיקנדיק די יידן קעגן די נאַצישע רוצחים. האָט דען ניט די קליינע פינלאַנד, האָבנדיק די דייטשן ביי זיך אין לאַנד, זיך ניט איינגעשטעלט פאַר די יידן? און וואָס איז מכוח דער רעטונג־אַרבעט וואָס שוועדן האָט געפירט? און וואָס איז מכוח אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע פעלקער? עס האָט דאָך געמוזט זיין אַ סיבה פאַר וואָס היטלער האָט מורא גע־האַט אויפצושטעלן קאַלך־אויוונס אין מערב־אייראָפּע. האָט דאָך דער אַלטער ייד קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו גלייבן אַז עס זיינען דאָ חסידי אומות העולם. האָט דאָך דער אַלטער ייד קיין מאָל ניט פאַרלאָרן דעם ביטחון. זאָלן מיר לעבן אָן ביטחון — זאָלן מיר מיט געפילן פון יאוש דערציען אונדזערע קינדער?

פאַרקערט, לאָמיר זיי לערנען אַז די וועלט, נאָך אַלע גהינומס וואָס זי גייט דורך, נאָך אַלע תהומען אין וועלכע זי פאַלט אַריין — וועט סוף כל סוף דאָך געפינען איר דערלייזונג.

ד

אונדזערן אַ לערער דאַרף זיין ליב די מדינה און די תפוצות. יעדע תפוצה — און די מדינה איז אויך ניט מער ווי אַ טייל פון די תפוצות — איז אַ טייל פון עם ישראל און כנסת ישראל איז העכער פון ארץ. אונדזער גאַנצע ליבע געהערט דעם פאָלק. ירמיהו הנביא וועלכער האָט באַוויינט דעם אונטערגאַנג פון ירושלים איבער וועמעס „איכה ישבה בדד העיר" דאָס יידישע פאָלק האָט ניט ווייניק טרערן פאַרגאָסן — איז אָבער געווען אַ גלייביקער אין גלות. ער שיקט אַ בריוו פון ירושלים צו די יידן אין בבל.

...„בויט הייזער און באַוואוינט, און פלאַנצט גערטנער און עסט זייער פרוכט... און זוכט די פריד פון דער שטאָט וואָס איך האָב אייך פאַרטריבן אַהין, און זייט מתפלל פאַר איר צו גאָט, וואָרעם אין איר פריד וועט זיין פריד צו אייך".

ירמיהו לייגט האָפענונג אויף דעם טייל וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן, אַז ער וועט צוריק אויפבויען אַ שטאַרקע פעסטונג פאַר עם ישראל און ניט אויף דעם טייל וואָס איז פאַרבליבן אין ארץ, אין יהודה, און יחסנט זיך מיט דעם.

אַלע תפוצות זיינען אונדז גלייך ליב. טאַקע אמת. אָבער דעם יידן וואָס לעבט אין אַמעריקע דאַרף דער יידישער כלל אין אַמעריקע זיין נענטער צום האַרצן, דעם ישוב דאַרף ער אָפּגעבן אַלע זיינע כוחות, אַז אין אים זאָל „עם" ישראל לעבן, לעבן אַן אייגן זעלבשטענדיק לעבן, בויען דאָ זיינע אינסטיטוציעס, זיינע קולטור־היימען, זיין דאָ שעפעריש, אויפהאַלטן זיין כבוד און ווירדע.

מיר דאַרפן דאָ דערציען יידישע דורות וואָס זאָלן זיין פאַרבונדן מיט אַלע יידן אין צייט און רוים, מיט די היינטיקע שאַפנדיקע יידישע דורות און מיט די דורות וואָס זיינען געווען פריער אומעטום אין אַלע לענדער.

אויף דער פראַגע: ווי אַזוי זאָל זיך אָריענטירן אונדזער יידישע דערציאונג אויף ישראל אָדער אויף אַמעריקע, קען זיין נאָר איין ענט־

פער: פריער אויף דער אומעטומיקייט פון יידישן פאָלק, דערנאָך, ווייל אַמעריקע איז דאָס לאַנד וואו אונדזערע קינדער זיינען געבאָרן געוואָרן, וואו זיי האָדעוועןזיך, וואו זיי וועלן בויען הייזער, געבערן קינדער און אויסלעבן זייערע יאָרן — אויף אונדזער לאַנד אַמעריקע. מיר טאָרן ניט דערציען אונדזערע קינדער ווי עס זאָגט זיך אין אַ פּראָגראַם פון אַ געוויסער שול־ריכטונג אויף עולה צו זיין קיין ישראל, כדי דאָרטן צו לעבן און שאַפן. מיר ווילן אונדזערע קינדער זאָלן יידיש לעבן און יידיש שאַפן דאָ אין אַמעריקע. דאָס וועט זיין די גרעסטע טובה וואָס זיי וועלן קענען טאָן דעם „עם" און ממילא אויך דעם „ארץ" ישראל. איך שטרייך אונטער דאָס וואָרט לעבן. איינפלאַנצן נאַציאָנאַלן באַוואוסט־זיין, נאַציאָנאַלע געפילן ביי די קינדער איז וויכטיק. אָבער ניט גענוג. נאַציאָנאַלע געפילן און נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין האָבן נאָר יעמאָלט אַ ווערט ווען זיי קענען זיך אויסדריקן אין אַ לעבן־שטייגער. דאָס האָבן מיר, אין אַרבעטער־רינג, שוין לאַנג פאַרשטאַנען. די אַמעריקאַנער ווירק־לעכקייט און אונדזער דערציערישע דערפאַרונג האָט עס אונדז געלערנט. מיר האָבן וועגן דעם גערעדט אויף אונדזערע פריערדיקע צוויי צוזאַ־מענפאָרן. אויך מיר איז אויסגעקומען צו רעדן וועגן דעם. וועל איך היינט מער ניט מאַריך זיין.

אַלץ קען מען דערגרייכן ווען עס וועט נאָר זיין דער ווילן, ווען מען וועט מער טאָן פאַר קולטור, מער לעבן מיט דער יידישער קולטור. די צרה ביי אונדז איז וואָס מען וויל זיך תמיד באַוואָרענען מיט אַ גאַראַנ־טיע אויף מאָרגן. און דערווייל פאַרנאַכלעסיקט מען דעם היינט. מען וויל זיך פאַרזיכערן עד סוף כל הדורות. ווער קען אַזאַ פאַרזיכערונג געבן? און ווייל מען קען ניט, האָט מען אַ באַרואיקונג פאַר דעם געוויסן דערווייל גאָרניט צו טאָן און לעבן ווי עס לאָזט זיך. מען פאַר־שטייט ניט, אָדער מען וויל ניט פאַרשטיין, אַז וואָס מען גרייט ניט צו היינט, האָט מען ניט מאָרגן. שוואַרץ־זעערס זיינען תמיד דאָ, און ווייל עס איז תמיד גרינגער גאָרניט צו טאָן ווי עפּעס יאָ צו טאָן, ווייל עס איז תמיד גרינגער אַראָפּצוואַרפן פון זיך אַן עול, ספּעציעל דעם עול פון צו זיין אַ ייד און טראָגן די אַחריות פאַר דעם, קריגן די אָנזאָ־גערס פון אומקום תמיד אויערן, וואָס הערן זיך צו צו זיי.

אַמאָל ווערט מען אַ נביא פון אומקום פון גרויס ליבע צום יידישן פאָלק. מען פאַרשטייט ניט, אַז מיט פּחד קען מען דערגרייכן פונקט דאָס

פאַרקערטע: אַז יידן זאָלן נעמען אַנטלויפן, אַנטלויפן וואָס גיכער. אומגליקלעך איז אַ פאָלק — פונקט ווי אַ יחיד — וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַ מורא־קאָמפּלעקס. ריכטיק האָט רוזוועלט געזאָגט אַז די ערשטע זאַך דאַרף מען זיך באַפרייען פון מורא.

איכה־רייד הערן מיר אויך פון די וואָס פּראָפּאַגאַנדירן אַ וואָס גיכערע עליה פון די אַמעריקעס קיין ישראל. ווען איך אין דעם פאַל בעסער לאָזן רעדן פאַר זיך חיים גרינבערגן, וועלכער איז זיכער אַ פריינד פון ציון.

שרייבט חיים גרינבערג אין „יידישן קעמפּער" פון 23סטן דעצעמבער, 1949: „צי וועלן יידן פון אַמעריקע עולה זיין אין די קומעדיקע יאָרן... נעם איך זיך ניט אונטער נביאות צו זאָגן. יעדנפאַלס נעם איך ניט אַריין אין מיינע חשבונות און 'האָפּענונגען' (דאָס וואָרט האָפּענונגען שטייט ביי אים אין גענדזן־פיסלעך) דעם עלעמענט פון קאַטאַסטראָפע. איך וויל ניט בויען די עליה פון אַמעריקע אויפן פּראָגנאָז פון סאָציאַל־וואולקאַנישע אויסברוכן אין אַמעריקע, וואָס זאָלן צווינגען צו לויפן פון דאַנען אין מדינת ישראל. פּערזענלעך בלייב איך ביי דער פאָרמולע פון: It can't happen here.

טראָץ אונדזערע טראַגישע דערפאַרונגען אין דער אַלטער וועלט. און אויב אַפילו איך זאָל אַזאַ אמונה ניט האָבן, וואָס וועט עס מיר העלפן? אויב די זון זאָל אין גאַנצן אויסגעלאָשן ווערן אין אַמעריקע, זע איך ניט, מוז איך מודה זיין, קיין ליכט אויפן גאַנצן ערדקוגל. אַ פאַשיסטישע אַמעריקע איז פאַר מיר דאָס זעלביקע ווי אַ ברוטאַל, אַנטיסעמיטישע וועלט. אַ זעלבסט־פאַרראַט פון אַמעריקע איז אַ זעלבסט־פאַרראַט פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם. און פון אַזאַ קאַטאַסטראָפע וועט פשוט ניט זיין וואוהין צו לויפן, אויך ניט אין מדינת ישראל".

די רייד פון ירמיהו צו די יידן פון בבל:

און זוכט די פריד פון דער שטאָט
וואָס איך האָב אייך פאַרטריבן אַהין,
און זייט מתפלל פאַר איר צו גאָט,
וואָרעם אין איר פריד וועט זיין פריד צו אייך —

זיינען פאַר אונדז, אַמעריקאַנער יידן, אַוודאי גילטיק.

מען קען ניט און מען טאָר ניט קומען צו יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אויף די אידעען פון אַמעריקאַנער דעמאָ־

קראַטיע, אויף די אידעען פון דזשעפערסאָן, פרענקלין און לינקאָלן, אַז דעמאָקראַטיע מיינט אין דער ערשטער ריי רעספּעקט פאַר דעם מענטשן פון וועלכן קאָליר, גלויבן און אָפּשטאַם ער זאָל ניט זיין; אַז דער זין פון דעמאָקראַטיע איז גלייכע רעכט און געלעגנהייטן פאַר יעדערן, אַז דעמאָקראַטיע — אַזוי פאַרשטאַנען — איז דער לעבנס־זין פון אַמעריקע און אַז עס איז דער חוב פון יעדערן, ווי פון אַ גוטן אַמעריקאַנער, פאַר־זענלעך צו גיין אין די וועגן, אַז אַמעריקע איז אַ ברודערשאַפט פון פעלקער, אַז ניט איין פאָלק האָט דאָס לאַנד געבויט, — מען טאָר ניט, זאָג איך, קומען צו אַזעלכע קינדער און זיי זאָגן: אַמעריקע איז טאַקע אַ היים פאַר אַ סך פעלקער נאָר ניט פאַר אייך, פאַר אייך איז אַמעריקע — גלות. רעדן אַזוי הייסט באַגיין אַ נאַציאָנאַלן פאַרברעכן, ווייל דאָס מיינט אַריינוואַרפן, ביים איצטיקן מאָמענט, דעם גרעסטן טייל, אַ העלפט פון יידישן פאָלק, אין עצבות, אין פאַרצווייפלונג און האָפענונגסלאָזיקייט. אַזאַ דערציאונג, אַזאַ שול קען נאָר אַריינגנבענען אין די הערצער פון אונדזערע קינדער צווייפל אין דעם ווערט פון צו זיין אַ ייד. דערציאונג פון פעסימיזם קען פירן ניט צום פאָלק, נאָר פון פאָלק. דאָס קען פירן צו פולער אַסימילאַציע ביז שמד.

אמת. מיר דאַרפן פון אונדזערע קינדער ניט פאַרלייקענען די שאָטן־זייטן. ווען מיר זיי פאַרלייקענען, וועלן מיר זיין ליגנערס אין זייערע אויגן. אָבער, אפשר וואָלט די שול עס געטאָן אויף אַזאַ מין אופן: פאַר־אורטיילן און אויך פאַרפאָלגונגען איז ניט אַ ריין יידישער ענין. זיי זיי־נען אַ פערמאַנענטער סאָציאַל־געשיכטלעכער פאַקט, פון דעם ליידן אַלע מינאָריטעטן. אַנדערע, ווי די נעגערס, נאָך מער ווי די יידן. דאָס איז אַ פלעק אויף דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע (און איז דאָס דער איינציקער פלעק?) אָבער דאָס איז בשום אופן ניט קיין באַווייז אַז דער אידעאַל פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז אַ פאַלשער. מיר דאַרפן אַרבעטן די מיאוסע פלעקן זאָלן פאַרשווינדן. קיין פערפעקטע שאָטנלאָזע זאַכן זיינען אויף דער וועלט בכלל ניט בנמצא. אַלץ איז רעלאַטיוו. די מעלה פון אַמעריקע, וואָס שייך אונדזער אַרבעט, איז וואָס זי פאָדערט ניט איינטאָניקייט, מאָנט ביי קיינעם ניט קיין קולטור־רעלע זעלבסט־פאַרלייקענונג. יעדע גרופּע האָט דאָ אַ רעכט צו האַלטן זיך ביי איר אייגנאַרטיקייט און אַנטוויקלען זי. דעמאָקראַטיע זוכט ניט צו דערשטיקן די אַנדערשקייט, נאָר זי צו האַרמאָניזירן. דאָס רעכט פון

דער מינדערהייט צו זיין ווי זי איז, צו לעבן ווי זי פֿאַרשטייט, דאָס איז דער יסוד פֿון אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. דער פּרינציפּ איז אָוועקגע־שטעלט געוואָרן, גלייך ביים אָנהייב, פֿון די פֿאָטערס פֿון דער אַמערי־קאַנער רעוואָלוציע.

און דעריבער — אויב מיר וועלן נאָר וועלן — האָבן מיר יידן דאָ אַלע מעגלעכקייטן צו לעבן ווי אַ פֿאָלק.

ה

די אויפֿגאַבע פֿון דער יידישער דערציאונג דאַרף זיין זיך דאָ ניט צו באַגרענעצן מיט שאַפֿן סענטימענטן פֿאַר יידישקייט, סענטימענטן פֿאַר צדקה, סענטימענטן פֿאַר ישראל. ניט מיט דורות וואָס וועלן קענען זאָגן ווי לוצאַטאָ, און יידן פֿון זיינס גלייכן, „איך פֿיל מיך נישט ווי אַ ייד, דאָך בין איך אַ ייד יעדער מאָל ווען יידן ווערן פֿאַרפֿאָלגט" — וועלן מיר דאָ קענען בויען דאָס יידישע לעבן.

מיר וועלן ניט קענען בויען יידיש לעבן מיט כזית־יידישקייט, מיט דורות וואָס זייער יידישקייט וועט באַשטיין פֿון סענטימענטן פֿאַר דער מדינה.

פֿאַלש איז אויך דער געדאַנק אַז די השפּעה פֿון ישראל וועט אונדז דאָ מאַכן פֿאַר גוטע יידן. נאָר אומגלויבן אין די תּפֿוצות קען געבאָרן די אידעע אַז אין זכות פֿון ישראל, אונטער דער השפּעה פֿון ישראל — וועלן מיר דאָ לעבן ווי יידן. קיינער קען קיינעם מיט גאָרניט ניט באַ־זאָרגן, ווען ער באַזאָרגט זיך ניט אַליין. ישראל וועט אונדז ניט משפּיע זיין צו ווערן יידן אויב מיר וועלן עס אַליין ניט זיין. אחד־העמס גייס־טיקער צענטער, פֿון וועלכן ליכט וועט אַרויסשטראַלן צו אַלע תּפֿוצות, און אָט די ליכט פֿון צענטער וועט ציען צו זיך, וועט אין אַזאַ פֿאַל ניט אַרבעטן.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון ישראל דערציילט דוד פּינסקי אין „טאָג" פֿון 17טן סעפּטעמבער, 1949, ווי די דאָרטיקע מלוכה־לייט קלאָגן זיך וואָס די אַמעריקאַנער יידישע יוגנט קומט זיך ניט באַזעצן אין לאַנד.

וואָס איז די צרה? פֿרעגט ער. און ער ענטפֿערט: „די יוגנט האָט געדאַרפֿט קודם כּל דערצויגן ווערן צו וועלן זיין יידיש פֿאָלק אין אַמע־ריקע גופֿא, צו וועלן לעבן אַ יידיש לעבן, צו וועלן שאַפֿן און ליבן יידישע ווערטן, צו וועלן אויסלעבן זיך אין די ראַמען פֿון דער יידישער

קולטור. וואָס האָט דער ציוניזם אין אַמעריקע געטאָן פאַר דעם? עס איז געלעגן פאָלק און פאָלקס־באַוואוסטזיין אין דער יידישער שול־באַוועגונג. ווי איז די דאָזיקע באַוועגונג באַהאַנדלט געוואָרן פון די אַלע וואָס האָבן קאָנצענטרירט זייער גאַנצע טעטיקייט אויף פאָנדן פאַר ישראל? זיי האָבן אַנטוויקלט געלטזאַמלערס, פושקע־קלאַפּערס, אָבער זיי האָבן ניט אַנטוויקלט פאָלקס־באַוואוסטזיין".

„עס איז געלעגן פאָלק, פאָלקס־באַוואוסטזיין און פאָלקס־אחריות אין דעם יידישן וואָרט, וואָס האָט ענג צוזאַמענגעהאַלטן די יידישע פאָלקס־מענטשן אין איין איינהייט, אָבער דווקא די קעמפּערס פאַר ישראל זיינען געווען די באַקעמפּערס און פאַרשפּאָטערס פון דעם יידישן וואָרט, און דערמיט אָפּשוואַכערס פון דעם ווילן ייִד צו זיין".

דאָס איז טאַקע אונדזער צרה, די צרה וואָס מיר האָבן פאַרנאַכ־לעסיקט דורות יידישע קינדער. דעריבער איז ניט גאָר פריילעך ביי אונדז. ווער ווייסט דאָס בעסער ווי דער יידישער לערער, ווער זעט בעסער די אַלע שוועריקייטן וואָס מיר האָבן דאָ אין לאַנד פאַר יידישער קולטור־אַרבעט, פאַר יידישער דערציאונג, ווי מיר די לערערס? עס איז שווער אונדז און עס איז שווער אַלעמען וואָס פאַרנעמען זיך מיט יידישער דערציאונג — פון וועלכער ריכטונג זיי זאָלן ניט זיין.

דאַרף מען נאָך אַ מאָל דערציילן ווי די אַסימילאַציע — ניט קיין אידעאישע, נאָר אַ פּאַקטישע — האָט זיך דאָ צעלייגט אויף דער יידי־שער גאַס? ווי יידן זוכן צו לעבן ווי זייערע שכנים, און מיט גאָרניט זיך צו אונטערשיידן פון זיי?

איז ווידער די זעלביקע פראַגע: אָפּהענטיקייט צו וואָס וועט זי פירן? זי קען ברענגען חורבן, אַ פולן חורבן. ווילן מיר דאָס? זאָלן אונ־דזערע הענט בעסער בויען. און נאָך אַ מאָל: אַז מיר וועלן בויען היינט וועט זיין מאָרגן.

און ווידער: ניט אַלץ איז כולו פינצטער. מיר געדענקען נאָך מיט וואָס פאַר אַ פאַראַכטונג יידיש, יידישע ליטעראַטור און די יידישע וועלטלעכע שול איז געווען אַרומגערינגלט. נאָך מער, אונדזער שול איז באַקעמפט געוואָרן פון אַלע זייטן.

וואָס זעען מיר היינט? די יידישע וועלטלעכע שול איז היינט־צו־טאָג אָנערקענט פון אַלע קרייזן ווי אַ וויכטיקער, גלייך־באַרעכטיקטער דערציאונג־פאַקטאָר. וואו נאָר אין אַ שטאָט אָדער אַ שטעטל די

יידישע דערציאונג איז קאָארדינירט, איז אונדזער שול אַ טייל פון דער קאָארדינאַציע, אַ טייל פון דער אַלגעמיינער קהילה, און ווערט פון איר געשטיצט. די יידישע שפּראַך, די יידישע ליטעראַטור, ווערט גע־לערנט אין אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן. ס׳איז פאָרגעקומען אַ דער־נענטערונג צווישן די יידיש־רעדנדיקע און ענגליש־רעדנדיקע קרייזן. ביי די לעצטע וואַקסט אַלץ מער די חשיבות צו יידיש, צו דער יידישער ליטעראַטור. דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע אויס־גאַבעס זייערע, וואו מען דרוקט יידישע שרייבערס, וואו מען באַהאַנדלט די יידישע ליטעראַטור. עס וואַקסט ביי זיי די אָנערקענונג פון דעם ווערט פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום, און אַ ווילן אויפצוהאַלטן און ממשיך צו זיין דאָס וואָס דער מזרח־ייד האָט געשאַפן — און די יידישע שפּראַך איז דאָך איינע פון די גרעסטע שאַפונגען זיינע. עס מערקן זיך אויך סימנים פון אינטערעס פאַר יידישער קולטור ביי דער יוגנט, ביי דער יוגנט פון די צענטערס. זי נעמט זיך אָרגאַניזירן. זי הייבט אָן פילן יידישע אַחריות. אמת, דערווייל איז דאָס נאָר אָן אָנהייב. בכלל נעמט זיך דאָס יידישע לעבן אָרגאַניזירן אין אַמעריקע. עס ווייזן זיך אַלץ מער סימנים אַז אין אַמעריקע שאַפט זיך אַ יידיש קהילה־לעבן. אָנגע־הויבן האָט זיך עס פון רעליף, אָבער ביי דעם איז דאָס ניט געבליבן. די אָרגאַניזירטקייט נעמט אויך אַרום ביסלעכווייז די יידישע דערציאונג.

וועט דאָך דאָס אַלץ, וואָס קומט פאַר אַרום אונדז, מוזן סוף־כל־סוף ווירקן לטובת אונדזער שול־אַרבעט, אונדזער קולטור־אַרבעט.

די מעגלעכקייטן פאַר קולטור־אַרבעט ווערן אין אַ גרויסער מאָס געשטערט צוליב דוחק אין פינאַנציעלע מיטלען. אָבער וואָס מער דאָס יידישע לעבן וועט זיך אָרגאַניזירן, אַלץ מער זיינען דאָ די האָפענונגען אַז אויך קולטור־אַרבעט אין יידיש וועט געשטיצט ווערן פון די נאַציאָ־נאַלע יידישע פאָנדן, פונקט ווי זי ווערט געשטיצט פון די לאָקאַלע פאָנדן. האָט אונדז דען אַמאָל זיך געחלומט אַז יידישע וועלטלעכע שולן וועלן אין אַ גרויסער מאָס אויסגעהאַלטן ווערן פון וועלפעיר־פאָנדן, פון קאָ־מיוניטי־טשעסטס? איצט איז דאָס אָן אַלגעמיינע דערשיינונג, אָן אַלגעמיינער פאַקט. לאָמיר זיך ניט צוהערן צו די שטימען, וואָס זאָגן אונדז פאַר כרת־יאָרן. לאָמיר, פאַרקערט, מיט מער גלויבן אין זיך און מיט באַנייטע כוחות, פאָרזעצן אונדזער אַרבעט. זי פאָדערט אמת פאַנאַ־טישע געטרייִשאַפט, חלוציזם. נאָר יעמאָלט וועלן מיר עפּעס דערגרייכן.

מיר דאַרפן זען אַז אונדזערע קינדער זאָלן דאָ אין אַמעריקע זיך אידענטיפיצירן מיטן יידישן פאָלק, מיט זיינע געפילן און באַגערן, מיט זיין גורל.

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז יידישע דערציאונג דאַרף פאַרבינדן דאָס יידישע קינד מיט יידן איבער דער גאָרער וועלט און מיט דער יידישער קולטור פון אַלע דורות. דאָס קינד דאַרף ווערן פאַרבונדן מיט די יידישע וואָרצלען. די יידישע קולטור איז אַלט. דאָס קינד דאַרף קענען דעם חומש, די יידישע אגדתא און די יידישע פאָלקס־שאַפונג פון אַלע צייטן. אָן דער מיטהילף פון דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור איז ניט מעגלעך קיין נאַציאָנאַלע דערציאונג.

די שול דאַרף אויך ניט זיין קיין דאָגמאַטישע. זי דאַרף עפענען פאַר דעם קינד ברייטע האָריזאָנטן, אים פאַרבינדן מיטן גאַנצן פאָלק און ניט מיט אַ טייל פון אים. זי דאַרף אַריינגעמען די שאַפונגען און אידעען פון אַלע דורות און פון אַלע יידן, צו וועלכער ריכטונג זיי זאָלן ניט געהערן. נאָר אַזוי וועט זי זיין אַן אמתע פאָלק־שול.

אין אַמעריקע וועט אַ יידישע דערציאונג האָבן אַ ממשות, ווען זי וועט זיין פאַרבונדן מיט דער יידישער שפּראַך, מיט דער שפּראַך וואָס אין איר האָט די יידישע שעפערישקייט געפונען איר שטאַרקסטן אויס־דרוק אין משך פון די לעצטע הונדערטער יאָרן. יידישע דערציאונג דאַרף זיין פאַרבונדן מיט היינטצייטיקייט, אויף דעם דאַרף זי זיך אָנ־שפּאַרן. די היינטצייטיקייט וועט אויך אַריינברענגען אין שול דעם אַמאָל.

ו

היינט האָבן מיר דריי צענטערס פון יידישן לעבן.

איינער — ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען — איז דער מזרח־איירָאָפּעאישער. דער צווייטער איז אַמעריקע. דער דריטער — ישראל.

דער ערשטער — דער מזרח־איירָאָפּעאישער — איז פיזיש אומ־געקומען, אָבער זיין קדושה, זיין נשמה לעבט אין אונדז ווייטער. די שטים פון די אומגעקומענע רעדט אין אונדז און דורך אונדז. זי רעדט דורך דער יידישער ליטעראַטור. זיינען דאָך די היינטיקע יידן פון די אַמעריקעס און פון ישראל ס׳רוב מזרח־יידן. די מזרח־יידן האָבן דאָך אַרויפגעלייגט אַ חותם אויף אַלץ וואָס קומט פאָר היינט אין יידישן לעבן. זייערע מינהגים און זייערע מידות לעבן אין אונדז, לעבן היינט. זייערע

מידות און אידעאַלן האָבן זיי (ווי עס איז אָנגעוויזן אין אונדזער נייער פּראָגראַם, צונויפגעשטעלט פון ח. בעז) פאַרקערפּערט אין סימבאָלישע געשטאַלטן. לאָמיר די געשטאַלטן ברענגען צו אונדזערע קינדער אין אַמעריקע.

דעם קדוש, וואָס איז אַלע מאָל געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיין גלויבן, פאַר זיין הייליקייט, פאַר זיין אידעאַל. אָט די געשטאַלט קען דערהייבן אונדזערע קינדער, אויך ביי זיי אַרויסרופן גרייטקייט צו הייליקייט, צו אידעאַליזם פאַר וועלט און פאָלק.

דעם לערנער, ביי וועמען גייסטיקע אוצרות זיינען געווען דאָס העכ־סטע.

דעם למד־וואָווניק, וועלכער פאַרקערפּערט אין זיך די עטישע מידות פון פאָלק, ווי אַזוי אַ מענטש דאַרף זיך אויפפירן קעגן גאָט און זיין חבר.

דעם רעוואָלוציאָנער, דעם קעמפער וואָס איז גרייט צו גיין אויף תליה, וועלכער נעמט אויף זיך באהבה תפיסה און פאַרשיקונג כדי צו פאַרטיידיקן די חשיבות פון דעם מענטשן און יידן, צו ברענגען גליק דער וועלט, צו ברענגען גליק דעם אייגענעם פאָלק.

דעם חלוץ, וועלכער האָט זומפן אויסגעטריקנט, מדבריות פאַר־וואַנדלט אין וואוין־ערטער, און עקשנותדיק ניט נאָכגעגעבן.

און צום סוף, די קדושים און קעמפערס פון די פוילישע געטאָס. די וואָס האָבן עקשנותדיק ווייטער געלעבט אין די געטאָס. שולן געעפנט, געלערנט, טעאַטער געשפּילט, לידער געזונגען, לעקציעס געהאַלטן, דיסקוטירט וועגן וועלט־ און יידישקייט־פּראָבלעמען. די העלדן וואָס האָבן זיך ניט מיאש געווען, דעם מוט ניט פאַרלאָרן, און צום סוף, זיך העראָאיש געשטעלט קעגן בלוטיקן שונא.

אָט די אַלע פאָלקס־העלדן, העלדן פון מזרח־יידנטום, דאַרפן מיר ברענגען אין שול צו אונדזערע קינדער. זיי וועלן וועקן די קינדערס פאַנטאַזיע, וועקן אין זיי יידיש באַוואוסטזיין, יידישן שטאָלץ און אַ ווילן צו לעבן ווי יידן.

דאָס מזרח־יידנטום איז אונדזער האָרץ. דער תמצית פון אונדזער זיין. פאַרגעסן אים — מיינט פאַרגעסן אָן פאָלק.

זיין לעבן, זיינע שטרעבונגען, האָבן געלעבט און לעבן ווייטער אין אונדזער שול.

דער צווייטער צענטער איז אַמעריקע — דער גרעסטער אין צאָל. מיר דאַרפן באַקענען אונדזערע קינדער מיט אַלץ וואָס קומט פאָר דאָ אין אונדזער לעבן. אַ יידיש קינד דאַרף פילן, אַז ער איז אַ טייל פון אַמעריקע ניט נאָר צוליב דעם, ווייל זיינע אורעלטערן האָבן זיך באַטייליקט אין דעם אויפבוי און פאַרטיידיקונג פון לאַנד, נאָר אויך ווייל די פילאָסאָפיע פון אַמעריקע און דער יידישער קוק און די יידישע אידעען האָבן איין שורש — דעם תנך. די אַמעריקאַנער־דעמאָקראַטישע אידעען — ברידערלעכקייט, פרייהייט, סאָציאַלע גערעכטיקייט, חשיבות פון דעם מענטשן — האָבן זייערע וואָרצלען אין די רייד פון די נביאים. דער תנך האָט באַווירקט די פוריטאַנערס און די גרינדערס פון דער אַמעריקאַנער רעפובליק. ממילא איז פאַראַן אַ גייסטיקע נאָענטקייט צווישן זיין אַ ייד און אַן אַמעריקאַנער.

דער זין פון יידישער דערציאונג אין אַמעריקע איז, אַז ביים קינד זאָל זיין יידישקייט און אַמעריקאַנישקייט אינטעגרירט ווערן. זיין נשמה מוז זיין אַ גאַנצע, ניט קיין צעריסענע. גלות־פעסימיזם קען די צעשפליטערקייט נאָר פאַרשטאַרקן.

ארץ ישראל. דאָס דאָזיקע לאַנד, ווי דאָס לאַנד פון די אָבות, ווי דאָס לאַנד מיט וועלכער דער ייד איז געווען פאַרבונדן אין אַלע תקופות פון זיין געשיכטע, לכל הפחות סימבאָליש, אַפילו אין יענע צייטן, ווען ער האָט געלעבט נאָר אין תפוצות — האָט אַלע מאָל פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין אונדזער דערציאונג. ווי אַזוי אַנדערש האָט עס געקענט זיין? האָט מען דען אַנדערש געקענט לערנען געשיכטע, געקענט דערציילן מעשיות פון תנך, בכלל יידישע מעשיות, מעשיות פון אַ פאָלק וואָס האָט תמיד אַנגעהאַלטן זיין צובונד, אָפט אַפילו נאָר אַ סימבאָלישן, צו ארץ ישראל? האָט מען געקענט לערנען יידישע געשיכטע און ניט דערציילן די געאָגראַפיע פון ארץ ישראל? איז דאָך פאָר אונדז אַ לאַנגע צייט דער וויכטיקסטער יום־טוב געווען חנוכה, ווי אַ סימבאָל פון יידישן קאַמף און מוטיקייט. און וואו האָט דער ייד אַרויסגעוויזן אָט די העלדישקייט וואָס האָט אונדז באַגייסטערט? דאָך אין ארץ ישראל.

ניט וועגן דעם איז דער שטרייט־פונקט. די פראַגע איז וועגן דער איצטיקער מדינה. די איצטיקע מדינה איז ביי דער איצטיקער יידישער סיטואַציע אַ ביז גאָר וויכטיקער טייל פון דער יידישער צעשפרייטקייט.

אַ יידישע שול וואָס זאָל איגנאָרירן דעם דאָרטיקן יידישן קאַמף, דאָס דאָרטיקע לעבן, די דאָרטיקע יידישע אויפטוען און דערגרייכונגען — וואָלט קיין יידישע שול ניט געווען.

ניט וועגן דעם האַנדלט זיך. עס האַנדלט זיך וועגן דעם, צי דער גאַנצער אויפמערק זאָל זיין געווענדט צו דעם דאָרטן. צי ווען מען רעדט וועגן טאָג־פראַגעס זאָל דער לערער איגנאָרירן דאָס יידישע לעבן דאָ אין לאַנד, אין אַנדערע לענדער, ניט זען ערגעץ אַנדערש־וואו אַ יידיש לעבן, ניט זען ערגעץ אַנדערש־וואו קיין שום ליכטיקייט אין יידישן לעבן און פאָרשטעלן פאַרן קינד אַז נאָר אין ישראל האָט דאָס יידישע לעבן אַ ווערט. אָט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. מיר זיינען קעגן אַזאַ מין צוגאַנג.

און נאָך אַ זאַך: דאָס יידישע קינד לעבט דאָ אין אַמעריקע מיט דער אַמעריקאַנער קולטור. ווילן מיר אַז אונדזער קינד זאָל אויך לעבן מיט דער יידישער קולטור, אַז עס זאָל זיך פילן לאָיאַל צו זיין פאָלק אומעטום אין אַלע תפוצות. אָבער מיר דאַרפן געדענקען — מיר קענען אַנדערש אונדזערע קינדער ניט זאָגן — אַז קודם כל זיינען מיר בירגער פון אַמעריקע. אַמעריקע איז אונדזער פאָטערלאַנד.

מיר דאַרפן אונדזערע קינדער צובינדן צום גאַנצן יידישן לעבן, צו דער וועלט פון די מזרח־יידן, צום יידישן לעבן אין אַמעריקע, צום יידישן לעבן אין ישראל. ווי זאָלן מיר דאָס טאָן? זאָלן מיר איינטיילן דאָס לערנען אין באַזונדערע קאָמפּאַרטמענטס, וואָס צווישן זיי זאָל איינער זיין ישראל, און ישראל זאָל ווערן אַ באַזונדערער לימוד אין אונדזערע שולן?

אויף דעם קענען מיר ענטפערן: אַלע לימודים זיינען אין אונדזער שול תמיד געווען און דאַרפן זיין אינטעגרירט. עס טאָר ניט זיין קיין צעשפּליטערט לערנען.

מיר זיינען געווען און זיינען אַ סאָציאַליסטישע שול. אָבער קיינעם איז קיין מאָל ניט איינגעפאַלן אַז מיר זאָלן לערנען סאָציאַליזם ווי אַ באַזונדערן לימוד. אַזוי דאַרף אויך זיין, ווען מיר לערנען די קינדער וועגן דעם מזרח־יידן, וועגן דעם ייד אין אַמעריקע און וועגן די יידן אין ישראל. דאָס אַלץ דאַרף זיין אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם גאַנצן לערנען.

אין אונדזער שול מוז שוועבן די אידעע פון אחדה, פון איין פאָלק,

און מיר טאָרן ניט צולאָזן דעם געדאַנק אַז ישראל וועט שוין אַלץ פאַר־זאָרגן און מיר וועלן דאָ לעבן אויף דעם גענאָד פון ישראל.

הלוואי, זאָל מען אויך דאָרטן, אין ישראל, פאַרשטיין אַז עס דאַרף זיין אַן אינערלעכע, אָרגאַנישע פאַרבונדנקייט צווישן ישראל און די תפוצות, אַז בײדע טיילן צוזאַמען און נאָר צוזאַמען מאַכן אויס איין איינהייט. וועט מען אויך דאָרטן עס פאַרשטיין, וועט זיין עם־ישראל. און ניט צוויי באַזונדערע טיילן, צווישן וועלכע, די שעה זאָל ניט קומען, עס וועט זיך עפענען אַן אָפּגרונט און קיין בריק וועט זיי נישט פאַרבינדן.

לאָמיר האָפן אַז דאָס וועלן זיך אָפּזאָגן פון דער גלות־ירושה, דאָס זוכן אין גאַנצן צו פאַרוואַרפן די יידישע שפּראַך — אַז דאָס אַלץ זיינען נישט מער ווי „קינדער־קראַנקייטן" פון אַ יונגער מלוכה, וועלכע איז באַרוישט פון איר נצחון, אַז מיט דער צייט, ווען עס וועט זיך איינשטעלן אַ רואיק, נאָרמאַל לעבן, וועט אַלץ ווערן אַנדערש.

ועל כולם, לאָמיר שאַפן ביי אונדזערע קינדער ביטחון אין מענטשן, ביטחון אַז דער מענטש איז דער בעל־הבית פון זיין אייגענעם גורל. לאָמיר ביי זיי שאַפן גלויבן אין דער חשיבות פון מענטשן.

זאָל די אידעע פון „והיה באַחרית הימים", וואָס האָט אַלע מאָל געלעבט אין דעם יידישן פאָלקס־מענטש, אויך לעבן אין די הערצער פון אונדזערע קינדער. די אידעע פון סאָציאַליזם זאָל ניט אָפּגעווענדט ווערן פון אונדז.

זאָלן אין די אויערן פון אונדזערע קינדער קלינגען די ווערטער פון י. ל. פרץ:

„שלעכט איז אין דער קעגנוואַרט. די צוקונפט אָבער געהערט צו מיר! אין אירע נעפלען זיינען מיינע אויגן באַהעפט, פון דאָרט וועט זיך אויסשיילן די פרייע זון פון אַ נייעם, גערעכטן מאָרגן! פון העכסטן טורעם וועט פּלוצעם אויסשלאָגן די שעה פון אויסלייזונג, דער לעצטער טאָג!"

